אורזאך (ג. Ursache) — סִבָּה, עִלָּה, טַעַם, יְסוֹד, גֹּרֶם, גְּרָמָה
די ערשטע אורזאך — הַסִּבָּה הָרִאשׁוֹנָה, סִבַּת הַסִּבּוֹת, עִלַּת הָעִלּוֹת
אורזאכליך — סִבָּתִי
אורח = גאסט — אוֹרֵחַ
אורח׳טע — אוֹרַחַת
אורח הגון = פיינער, ליבער גאסט — אוֹרֵחַ הָגוּן
אורטייל (ג. Urteil) — פְּסַק דִּין, גְּזַר דִּין, מִשְׁפָּט
אורטיילען — חָרֹץ מִשְׁפָּט, דּוּן, שָׁפֹט, חָשֹׁב
אורין (ג. Urin) — שֶׁתֶן, הַשְׁתָּנָה, שֵׁין מֵי־רַגְלַיִם
לאזען — הַשְׁתֵּן, הַטֵּל מַיִם
אורינאל = רינאל — עָבִיט (של מי רגלים)
אורינואַר — בֵּית מַיִם (בית להשתין בו)
אורין־בלאָז — כִּיס הַשֶּׁתֶן
אורינירען — הַשְׁתֵּן, הַטֵּל מַיִם
אורין־רעהר — קְנֵה הַשֶּׁתֶן, שָׁפְכָה
אורלויב (ג. Urlaub) — חֹפֶשׁ, חֻפְשָׁה
אור־מענש — אָדָם הַקַּדְמוֹן, הַקַּדְמוֹנִי
אורעלטערן (ג. Ureltern) — אָבוֹת קַדְמוֹנִים, אֲבוֹת הָאָבוֹת
אורשטאָף — חֹמֶר הִיוּלִי, קַדְמוֹן
אורשריפט — מָקוֹר
אות = בוכשטאב
ער ווייסט ניט קיין אות אין סידור — אֵינוֹ יוֹדֵעַ צוּרַת אוֹת
ער וויים אין די קליינע אותיות — יוֹדֵעַ סֵפֶר
אות באות = בוכשטעבליך
אותות ומופתים = רעכטע באווייזען; נִסִּים וְנִפְלָאוֹת
אויסווייזען מיט אותות ומופתים — הוֹכֵחַ בְּמוֹפְתִים חוֹתְכִים, בִּרְאָיוֹת בְּרוּרוֹת
אַז (ג. Als) — כִּי, כַּאֲשֶׁר, אִם
איך זאג, אז קיין אנדער מיטעל איז ניטא — אֲנִי אוֹמֵר, כִּי אֵין תְּרוּפָה אַחֶרֶת
אז איך בין געקומען האט ער מיר געזאגט — כַּאֲשֶׁר בָּאתִי אָמַר לִי
אז דו וועסט לייען געלט דעם ארימאן — אִם כֶּסֶף תַּלְוֶה אֶת הֶעָנִי
אז ניט היינט איז מארגען — אִם לֹא עַכְשָׁו — לְמָחָר
אז וואויל איז איהם — אַשְׁרָיו
אז טון זאל זיין געטון — אִם לַעֲשׂוֹת — עֲשׂוֹת כַּהֲלָכָה, בָּאתָ לַעֲשׂוֹת עֲשֵׂה כָּרָאוּי
אז אָך און וועה! — אוֹי וַאֲבוֹי!
אַזאַ (ג. ein so) — כָּזֶה, כְּמוֹ, כְּ־
אזא זאך — דָּבָר כָּזֶה
אזא מענש ווי ער — אִישׁ כָּמוֹהוּ
אזא מענש איז דאס — זֶה דַּרְכּוֹ, כֵּן טִבְעוֹ
אַזאָט (Azot) — חַנְקָן
אַזאַס (פ. Zasie, ברוסית הלבנה Засъ) — לֹא! לֹא בְּאָלֶף רַבָּתִי!
אַזאַרט (צ. Hasard) — הַעְפָּלָה, נִסָּיוֹן מְסֻכָּן
אַזאַרטנע שפיעל — מִשְׂחָק מְסֻכָּן, שֶׁל הַעְפָּלָה
אזוי (ג. So) — כֵּן, כֹּה, כָּכָה, כַּךְ
אזוי צי אזוי — בְּאֹפֶן זֶה אוֹ אַחֵר, אִם כֵּן וְאִם כֵּן, אִם כֹּה וְאִם כֹּה
אזוי איז דאס — כַּךְ הִיא
אזוי זיך — סְתָם
אזוי און אזוי — כָּזֶה וְכָזֶה, כָּזֹאת וְכָזֹאת
אזוי איז מיין שטייגער — כֵּן דַּרְכִּי
ניט אזוי! — לֹא כֵן, לֹא כַךְ
ניט אזוי? — הַאִם לֹא כֵן הוּא?, הַאַף אֵין זֹאת
אזוי זאלסטו איהם זאגען — כֹּה תֹאמַר אֵלָיו
אזוי שיין! — כַּמָּה נָאֶה!, מַה יָּפֶה!
ס׳איז אזוי ווייט! — כֹּה רָחוֹק!
און אזוי ווייטער — וְגוֹמֵר, וְכוּלֵי, וְכֵן הָלְאָה
אזוי ארום — בְּאֹפֶן כָּזֶה
אויב אזוי? — אִם כֵּן?
אזוי לאנג ווי די נשמה האלט זיך — כָּל עוֹד נִשְׁמָתִי בִּי
אזוי גאר? — בְּאֹפֶן כָּזֶה?, הֲכֵן?
פונקט אזוי — כָּזֶה בְּדִיּוּק
אזוי ווי — כַּאֲשֶׁר, כְּעֵין, כְּמוֹ, כְּשֵׁם, כְּמִין, כְּאִלּוּ, כְּדֶרֶךְ
אזוי ווי ער איז ניטא אין דער היים — הֱיוֹת כִּי אֵינֶנּוּ בְּבֵיתוֹ
ווי אזוי? — אֵיךְ?, כֵּיצַד?
דער זאגט אַזוי און דער אזוי — זֶה בְּכֹה וְזֶה בְּכֹה
ס׳איז אבער ניט אזוי! — וְלֹא הִיא!



ווי אזוי איז דאס געשעהען? — אֵיךְ קָרָה הַדָּבָר?
אזוי ווי ער וויים ניט אזוי וועט איהם ניט שאטען — כְּשֵׁם שֶׁאֵינוֹ יוֹדֵעַ כֵּן לֹא יֻזָּק
אזוינס (ג. So eins) — כָּזֶה, כָּזֹאת, כְּגוֹן זֶה
האסטו געזעהן אזוינס? — הֲרָאִיתָ כָּזֹאת?
אזוינס און אזעלכעס, (און אזאס) — כָּזֶה וְכָזֹאת!, כַּפְתּוֹר וָפֶרַח!
אזוינער (ג. So einer) — כָּזֶה
אזוינער און אזוינער — כָּזֶה וְכָזֶה
אַזיאַט — בֶּן אַסְיָה, בַּרְבָּרִי, פֶּרֶא
אזיאַטיש — כְּבֶן אַסְיָה, כְּבַרְבָּרִי
אַזיל (Asile) — מִקְלָט, בֵּית מַחֲסֶה, מוֹשַׁב זְקֵנִים
אַזיל־שטאט — עִיר מִקְלָט
אַזיע (Asia) — אַסְיָה
קליין אזיע — אַסְיָה הַקְּטַנָּה
אזעלכער ־כע ־כעס (ג. solch) — כָּזֶה, כָּזֹאת
ניטא נאך אזעלכעס — אֵין דֻּגְמָתוֹ
האסטו געהערט אזעלכעס? — הֲשָׁמַעְתָּ כָּזֹאת?
אָזער (ר. озеро) — אֲגַם
אזש (פ. aż) — עַד
ס׳האט איהם דערלאנגט אז ער האט אזש געוויינט — נָגַע בְּנַפְשׁוֹ עַד כִּי בָכָה
אַחדות = פאראייניגונג
איך האב געמאכט מיט איהם אחדות — יָד אַחַת, אַחְדוּת עָשִׂיתִי עִמּוֹ
אַחוץ = אויסער
אָחור = הינטען, הינטער חלק
באקומען אין אָחור — הִלָּקֵה
אָחינו אַתה = קאָלעגע
אַחרון — לעצטער
אויפרופען אַחרון — קָרֹא אֶת־ לַתּוֹרָה אַחֲרוֹן
אַחרון של פסח = לעצטער טאג פסח
אַן אַחרון — הַפּוֹסֵק הָאַחֲרוֹן
אַחריות = פאראנטווארטליכקייט
סאיז אַן אַחריות — סַכָּנָה בַּדָּבָר
אויף מיין אַחריות — עַל אַחֲרָיוּתִי, עָלַי וְעַל צַוָּארִי
אַחת ואַחת = איינס און איינס

אָט (פ. Ot, oto) — הִנֵּה, הֵא, הֲרֵי
אט איז ער! — הִנֵּהוּ
אט ערשט — אַךְ זֶה, זֶה עַתָּה
אט באלד — כְּרֶגַע, תֵּכֶף, מִיַּד
אט אזוי איז גוט! — הִנֵּה כֵן טוֹב!
אט אזוי ביזטו א מענש! — לָכֵן אִישׁ אַתָּה!
אט זאגט ער אזוי און אט אנדערש — רֶגַע יֹאמַר כֵּן וְרֶגַע אַחֶרֶת
אט האסטו דיר! — הֲרֵי לָךְ!
אָט בין איך! — הִנְנִי, הֲרֵנִי
אָטאָ דא — פֹּה, אָטאָ דארט — שָׁם
אָט, אָט! — עוֹד מְעַט
אַטאַבע = אַנטאַבע
אַטאָם (Atom) — אַטוֹם
אָטאָמאָביל = אויטאמאביל — מְכוֹנִית, מוֹבִיל
אַטאַמאַן (ר. Атаманъ) — רֹאשׁ הַקּוֹזַקִּים, אַטַּמָּן
אַטאַקע (Attaque) — הִתְנַפְּלוּת, (על האויב) הַתְקָפָה, מִלְחֶמֶת תִּגְרָה, תְּנוּפָה
אטאקירען — נָפֹל, הִתְנַפֵּל עַל הָאוֹיֵב, הַתְקֵף עַל־, הִתְגָּרֵה בְּ־
אָטאָרעס (ר. Уторы) — חֲרִיצֵי חָבִית
אַטידאנט = אדיוטאנט
אַטלאַנטיק (Atlantique) — הַיָּם הָאַטְלַנְטִי
אטלאנטישער ים = אטלאנטיק
אַטלאַס (Atlas) — מַפּוֹן, מַפִּיָּה, אַטְלַס
אטלעט (Athlet) — אַתְלֵט, גִּבּוֹר
אטלעס (Atlas) — קְטִיפָה, אַטְלָס
גלאט ווי אטלעס — חָלָק כְּאַטְלָס
גלאנצט ווי אטלעס — מַבְרִיק כְּאַטְלָס
אטלעסן — שֶׁל אַטְלָס, ־אַטְלָס
אַטמאָספערע (Atmosphère) — אֲוִירָה, חֲלַל הָאֲוִיר, אַטְמוֹסְפֵירָה
אַטעאיזם — כְּפִירָה בְּעִקָּר, אַתֵּאִיּוּת
אטעאיסט (Atheist) — כּוֹפֵר בְּעִקָּר, אַתֵּאִיסְט
אָטעם (ג. Atem) — נְשִׁימָה, נְשָׁמָה, רוּחַ
א קורצער אטעם — נְשִׁימָה קְצָרָה
כאפען דעם אטעם — שָׁאֹף רוּחַ
אין איין אטעם — בִּנְשִׁימָה אַחַת
ער איז געבליבען אהן א אטעם — פָּסְקָה נְשִׁימָתוֹ

**אטעמען** — נָשֹׁם, שָׁאֹף רוּחַ
ער אטעמט שווער — נְשִׁימָתוֹ כְּבֵדָה, מִתְנַשֵּׁם
גרינג — נְשִׁימָתוֹ קַלָּה
**אטענטאט** (attentat) — הִתְנַקְּשׁוּת בְּנֶפֶשׁ־
**אטעסטאט** (attestat) — תְּעוּדָה, סְמִיכָה
**אטשערעד** (ר. очередь) — תּוֹר, שׁוּרָה
שטעהן אין אטשערעד — עָמֹד בַּתּוֹר, בַּשּׁוּרָה
שטעהן אויפ׳ן אטשערעד — עָמֹד עַל הַפֶּרֶק, עַל סֵדֶר הַיּוֹם
**אי** (ר. и) — גַּם
אי — אי — גַּם — גַּם
אי שטרוי, אי פאשע — גַּם תֶּבֶן, גַּם מִסְפּוֹא
אי נעכטען, אי היינט — גַּם תְּמוֹל, גַּם הַיּוֹם
אי איינער ניט — אַף לֹא אֶחָד
אי דאס — וְלָזֹאת
אי פע! — אַךְ חֶרְפָּה! הוֹי, בּוּשָׁה! אִי, כְּלִמָּה!
אַיאָ? — הֲכֵן? הַאֱמֶת? הַאִם לֹא כֵן?
**איבונג** (ג. Übung) — תַּרְגִּיל, חִנּוּךְ
**איבלען** — הַרְגֵּשׁ בְּחִילָה
ס׳איבעלט מיך — חָשׁ אֲנִי בְּחִילָה
**איבעל** (ג. Übel) — בְּחִילָה, קֶבֶס
ס׳איז מיר איבעל — חָשׁ אֲנִי בְּחִילָה, קֶבֶס
האב ניט פאראיבעל — אַל תִּתְרָעֵם, אַל תַּחְשׁוֹב לְחַטָּאת, לְעֶלְבּוֹן, אַל יֵרַע בְּעֵינֶיךָ
**איבען** — הַרְגֵּל, חַנֵּךְ, אַמֵּן
זיך — הִתְרַגֵּל, הִתְחַנֵּךְ, הִתְאַמֵּן
**איבער** (ג. Über) — עַל, עַל פְּנֵי; עַל דְּבַר, מִשּׁוּם עַל אֹדוֹת, מִפְּנֵי, מִפְּאַת, מֵחֲמַת
פארשפרייטען דעם טישטוך איבערן טיש — פָּרֹשׂ הַמַּפָּה עַל הַשֻּׁלְחָן
ער געהט איבער׳ן בריק — הוּא הוֹלֵךְ דֶּרֶךְ הַגֶּשֶׁר
איבער דער מאס — יוֹתֵר עַל הַמִּדָּה
איבער און איבער — יוֹתֵר מִדַּי, עַד בְּלִי דַּי
איבער די כוחות — לְמַעְלָה מִן הַכֹּחַ
איבער דרייסיג — לְמַעְלָה מִשְּׁלוֹשִׁים
איבער נאכט — בְּמֶשֶׁךְ הַלַּיְלָה
איבער אכט טאָג — בְּעוֹד שָׁבוּעַ, בַּשָּׁבוּעַ הַבָּא
איבער א יאהר — בְּעוֹד שָׁנָה, בַּשָּׁנָה הַבָּאָה, לְשָׁנָה הַבָּאָה
הערשען איבער — מָשֹׁל בְּ־
איבער בערלין קיין פאריז — דֶּרֶךְ בֶּרְלִין לְפָּרִיז
איבער בערג און טאלען — דֶּרֶךְ הָרִים וּבְקָעוֹת
איבער וועמען — בְּשֶׁל מִי
איבער דיר האב איך דאס געטאן — אַתָּה גָּרַמְתָּ לִי לַעֲשׂוֹת זֹאת
איבער דיר האב איך געליטען — בִּגְלָלְךָ סָבַלְתִּי
ער שרייבט איבער פיזיק — הוּא כּוֹתֵב עַל דְּבַר חָכְמַת הַפִּיסִיקָה
איבער דעם וואס דו... — מִפְּנֵי, מִשּׁוּם שֶׁאַתָּה...
א טאג איבער א טאג — יוֹם, יוֹם בְּסֵרוּגִין, יָמִים מְסֹרָגִים
ס׳וועט זיין איבער דער וואך — יַסְפִּיק לִימֵי הַשָּׁבוּעַ
איבערן קאפ — לְמַעְלָה רֹאשׁ, דַּי וְהוֹתֵר
**איבעראיילונג** — פַּחֲזוּת, פְּזִיזוּת
**איבעראיילט** — אָץ, נִמְהָר, נֶחְפָּז, פָּזִיז, פּוֹחֵז, בָּהוּל
ת״פ — בִּפְזִיזוּת, בִּבְהִילוּת
**איבעראיילען** — אוּץ, חוּשׁ, פָּחֹז, מַהֵר
**איבעראל** (ג. Überal) — בְּכָל מָקוֹם, בְּכָל אֲתַר וַאֲתַר
**איבעראנדערשונג** — הִשְׁתַּנּוּת
**איבעראנדערשען** — שַׁנֵּה, הָפֹךְ
זיך — שֻׁנֹּה, הֵהָפֵךְ, הִשְׁתַּנֵּה
ער אנדערשט זיך אלע מאל איבער — פּוֹשֵׁט צוּרָה וְלוֹבֵשׁ צוּרָה
**איבעראַניים** = איבערנייס
**איבעראקערן** — חָרֹשׁ מֵחָדָשׁ, שֵׁנִית, חָזֹר וְחָרֹשׁ
**איבעראַרבייטען** — עָשֹׂה מֵחָדָשׁ, שֵׁנִית, חָזֹר וְעָשֹׂה, שַׁנֵּה מְלֶאכֶת
זיך — שֻׁנֹּה, הֵעָשֵׂה לְאִישׁ אַחֵר
צופיעל ארבייטען — עָבֹד יוֹתֵר מִכֹּחוֹ, פָּרֹךְ גּוּפוֹ, הִתְיַגֵּעַ, הִתְלַבֵּט בַּעֲבוֹדָתוֹ
**איבערארדנען** — עָרֹךְ, סַדֵּר מֵחָדָשׁ
**איבערבאָדען** — רָחֹץ מֵחָדָשׁ, שֵׁנִית
**איבערבאָטען** (אַ מקח) — דָּרֹשׁ מְחִיר גָּבֹהַּ
**איבערבאַקען** — אָפֹה שֵׁנִית, ־יוֹתֵר עַל הַמִּדָּה
**איבערבוי** — בְּנִיָּה מֵחָדָשׁ
**איבערבויען** — בָּנֹה מֵחָדָשׁ, חָזֹר וּבָנֹה
**איבערבונטעווען זיך** — חָדֹל מִלִּמְרֹד, עָבֹר הַמֶּרֶד
**איבערבורען** — כַּלֵּה לִתְסוֹס



**איבערבושעווען** — כַּלֵּה לִסְעֹר, לִגְעֹשׁ, לִרְעֹשׁ
**איבערבידעווען** — סָבֹל, הִתְעַנֵּה וְהַפְסֵק
**איבערביטען** = איבערבעטען
**איבערבייגען** — כָּפֹף, יוֹתֵר עַל הַמִּדָּה
איבער עפּיס — כָּפֹף עַל־
זיך — הִכָּפֵף עַל־
**איבערבייזערן זיך** — גָּעֹר וְהַפְסֵק, חָדֹל מִגְּעֹר
**איבערבייט** = איבערבייטונג
**איבערבייטונג** — הִתְחַלְּפוּת
**איבערבײַטלען** — נַפֵּה מֵחָדָשׁ, חָזֹר וְנַפֵּה
**איבערבײַטען** — הַחֲלֵף, הָמֵר
דאס רענדעל — הָמֵר דָּתוֹ
זיך — הִתְחַלֵּף, הִשְׁתַּנֵּה, הֵהָפֵךְ
**איבערביינדעל** — פִּיקָא
**איבערביינקען זיך** — הִתְגַּעְגֵּעַ וְהַפְסֵק, חָדֹל מֵהִתְגַּעְגֵּעַ
**איבערבייסען** — נָשֹׁךְ, גָּזֹר בְּשִׁנָּיו
עסען עפּעס — אָכֹל אֲכִילָה קַלָּה, אֲכִילַת עֲרַאי, סָעֹד לִבּוֹ
אנבייסען — פַּת שַׁחֲרִית
**איבערבילען זיך** — נָבֹחַ וְהַפְסֵק, חָדֹל מִנְּבֹחַ
**איבערבינדען** — קָשֹׁר עַל־
נאך א מאל — חָזֹר וְקָשֹׁר, קָשֹׁר שֵׁנִית, מֵחָדָשׁ
א בוך — כָּרֹךְ שֵׁנִית, מֵחָדָשׁ
**איבערבלייבונג** — שְׁאֵרִית, שְׁאָר, שָׂרִיד
**איבערבלייבעכץ** — שְׁאֵרִית, נוֹתָר, שְׂיָר, שִׁירַיִם
**איבערבלייבען** — הִשָּׁאֵר, הִוָּתֵר, הִשְׁתַּיֵּר
**איבערבליק** — סְקִירָה, הַשְׁקָפָה
**איבעבליקען** — סָקֹר, הַשְׁקֵף עַל־
**איבערבלעטערן** — עַלְעֵל, דַּפְדֵּף, הָפֹךְ עֲלֵי סֵפֶר
**איבערבעט** (ג. Überbett) — כֶּסֶת
**איבערבעטען** — הַצֵּעַ מֵחָדָשׁ, שֵׁנִית, הָפֹךְ מִשְׁכַּב־
**איבערבעטען** (ג. Beten) — פַּיֵּס, רַצֵּה, בַּקֵּשׁ סְלִיחָה מִ־
איך בעט איבער אייער כבוד — בִּמְחִילַת כְּבוֹדְךָ, בִּמְחִילָה מִכְּבוֹדְךָ
זיך — הִתְפַּיֵּס, הִתְרַצֵּה, עָשֹׂה שָׁלוֹם עִם־
**איבערברוך** — שֶׁבֶר, מַשְׁבֵּר
**איבערברוגז׳ן זיך** — חָדֹל מֵרֹגֶז
**איבערברייננען** — מָסֹר לְ־, הָבֵא וּמָסֹר לְ־
**איבערברייננער** — מוֹסֵר, שָׁלִיחַ
**איבערברײַען** — בַּשֵּׁל שֵׁנִית, מֵחָדָשׁ
**איבערברוקירען** — רַצֵּף שֵׁנִית, מֵחָדָשׁ
**איבערברעכען** — שָׁבֹר לִשְׁנַיִם, לַחֲצָאִים
זיך — הִשָּׁבֵר לִשְׁנַיִם, לַחֲצָאִים
**איבערברעננען** — איבערברייננען
**איבערברענען** — שָׂרֹף, שָׂרֹף וְחַלֵּק, חַלֵּק בָּאֵשׁ
ציגעל — שָׂרֹף לְבֵנִים
דאס האלץ האט שוין איבערגיברענט — כְּבַר נִשְׂרְפוּ, אֻכְּלוּ הָעֵצִים
**איבערגאנג** — מַעֲבָר
אין זינגען — שִׁנּוּי, מַעֲבָר מִקּוֹל אֶל קוֹל
ער האט געהאט א שלעכטען איבערגאנג — מַחֲלָה רָעָה עָבְרָה עָלָיו
**איבערגילטען** — צַפֵּה זָהָב, זַהֵב מֵחָדָשׁ
**איבערגיסונג** — יְצִיקָה, הֲרָקָה
**איבערגיסען** — הָרֵק, עָרֵה, יָצֹק מִכְּלִי אֶל כְּלִי
צו פיעל — יָצֹק יוֹתֵר מִדַּי, הַעֲבֵר עַל גְּדוֹת
נאך א מאל — יָצֹק, הַתֵּךְ מֵחָדָשׁ
**איבערגלוסטען זיך** — פָּסֹק, עָבֹר תַּאֲוָה
ס׳האט זיך מיר איבערגעגלוסט — עָבְרָה תַּאֲוָתִי
**איבערגליקליך** — מְאֻשָּׁר מְאֹד, ־לְמַעְלָה רֹאשׁ
**איבערגיבונג** — מְסִירָה, הִתְמַסְּרוּת
**איבערגעבליבען** — מְשֻׁיָּר, נוֹתָר, נִשְׁאָר
**איבערגעבען** — מָסֹר
גיבען צו פארשטיין, לערנען — הַסְבֵּר, לַמֵּד, מָסֹר
וואָרט אין וואָרט — מָסֹר, סַפֵּר מִלָּה בְּמִלָּה
צו פיעל — נָתֹן יוֹתֵר מִדַּי, הַעֲדֵף
ער איז איהם איבערגעגיבען מיט לייב און לעבען — הוּא מָסוּר לוֹ בְּלֵב וָנֶפֶשׁ
איך וועל דאס איהם איבערגעבען — אוֹדִיעַ לוֹ זֹאת
זיך — הִמָּסֵר, הִתְמַכֵּר, מָסֹר נַפְשׁוֹ
צו עפּים — הִתְמַכֵּר אֶל־
**איבערגעבענהייט** — הִתְמַכְּרוּת, הִתְמַסְּרוּת
**איבערגעברענט** — שָׂרוּף, מְאֻכָּל
**איבערגעהיפערט** — בְּסֵרוּגִין, לְסֵרוּגִין
**איבערגעהן** — עָבֹר (ממקום למקום)
איבער עפּים — עָבֹר אֶת־, ־עַל־
פון וואסער — עָבֹר עַל גְּדוֹת, שָׁטֹף

צו אנדערע הענט — עָבֹר לִידֵי אֲחֵרִים
צום פיינט — נָפֹל אֶל הָאוֹיֵב
אויף וואס איך בין איבערגעגאנגען! — לָמָּה הָיִיתִי!
זיך פעהלען — עָבֹר, פָּסֹק, חָלֹף
דער הערבסט איז שוין איבערגעגאנגען — הַסְּתָו עָבַר
לאזען זיינס איבערגיין — וַתֵּר עַל שֶׁלּוֹ, עָבֹר עַל מִדּוֹתָיו
זאל מיינס איבערגעהן — יְוֻתַּר מִשֶּׁלִּי
די אויגען זיינען איהם איבערגעגאנגען — עֵינָיו נִמְלְאוּ דְמָעוֹת
נאך א מאל — חָזֹר, שָׁנֹה, עָבֹר שֵׁנִית
עמיצען — עָלֹה עַל־
אין מאטעמאטיק איז ער איהם איבערגעגאנגען — הוּא עָלָה עָלָיו בְּמַתֵּמַטִיקָה
ס׳געהט מיר איבער די סלונע — תַּאֲוָתִי מִתְגָּרָה, בּוּלְמוּס יֹאחֲזֵנִי
ס׳איז מיר איבערגעגאנגען א גרויל — סָמַר בְּשָׂרִי, רֶטֶט עָבַר בִּבְשָׂרִי

איבערגעוואשען — מְכֻבָּס
ריין, צוגעקלאבען — מְזֻקָּק, מְבֹרָר

איבערגעוויכט — הֶכְרֵעַ, הַכְרָעָה, עוֹדֵף עַל הַמִּשְׁקָל, הַעֲדָפָה

איבערגעטריבען — מְגֻזָּם, מֻפְרָז, גּוּזְמָה

איבערגעלויף — מְהוּמָה, מְבוּכָה

איבערגענוג — דַּי וְהוֹתֵר, יוֹתֵר מִדַּי, עַד בְּלִי דַי

איבערגעפוילט — רָקוּב, נִרְקָב
ווערען — רָקֹב, הֵרָקֵב

איבערגעקערט — הָפוּךְ
אן איבערגעקערטע וועלט — עוֹלָם הָפוּךְ

איבערגעשטאנען — מְקֻלְקָל (מרוב עמידה, מרוב זמן)

איבערגעשפיצט — חָרִיף יוֹתֵר מִדַּי
ניט קיין איבערגעשפיצטער — לֹא חָרִיף, תָּם, אֵינֶנּוּ פִּקֵּחַ יוֹתֵר מִדַּי

איבערגעשראקען — יָרֵא, מְפַחֵד
ניט קיין איבערגעשראקענער — לֹא פַּחְדָן כְּלָל, אֵינוֹ מֵהַמְפַחֲדִים

איבערגראָבען — כָּרֹה, חָפֹר מֵחָדָשׁ
צו שיידען מיט א גראבען — כָּרֹה חָרִיץ בֵּין, חַלֵּק בְּחָרִיץ

איבערדאנק — כְּמִי שֶׁכְּפָאוֹ שֵׁד, בְּעַל כָּרְחוֹ

איבערדעם — לָכֵן, בִּגְלַל זֹאת, מִפְּנֵי זֶה, בְּשֶׁל כַּךְ
איבערדעם? — אָטוּ מִשּׁוּם הָא?
איבערדעם שרייבסטו מיר ניט? — אָטוּ מִשּׁוּם הָא אֵינְךָ כּוֹתֵב לִי?

איבערדעק — שְׂמִיכָה, כִּסּוּי עֶלְיוֹן

איבערדעקען — כַּסֵּה עַל־, צַפֵּה עַל־, חַפֵּה עַל־,
נאך א מאל — כַּסֵּה שֵׁנִית, צַפֵּה שֵׁנִית

איבערדערצעהלען — סַפֵּר, סַפֵּר מֵחָדָשׁ
ס׳איז ניט איבערצודערצעהלען — עָצְמוֹ מְסַפֵּר

איבערדריקען — הַדְפֵּס מֵחָדָשׁ
פון א בוך — הַעְתֵּק וְהַדְפֵּס

איבערדריסיג — מְשַׁעְמֵם, לָטֹרַח, לְזָרָא

איבערדרעהען — הָפֹךְ, הַפֵּךְ, סַבֵּב
צו פיעל — הָפֹךְ יוֹתֵר מִדַּי, סַבֵּב יוֹתֵר עַל הַמִּדָּה
עמיצען — הָפֹךְ אֶת־ לְצִדּוֹ
יענעמס ווערטער — הָפֹךְ דִּבְרֵי־, סַלֵּף, סָרֵס דִּבְרֵי־
א שלאָס — סַבֵּב וְקַלְקֵל מַנְעוּל
דרעה ניט צו פיעל, וועסט נאך איבערדרעהען — אַל תְּסַבֵּב יוֹתֵר מִדַּי פֶּן תְּקַלְקֵל, פֶּן תְּנַתֵּק
זיך — הִתְהַפֵּךְ, הִסְתּוֹבֵב
ס׳וועט זיך איבערדרעהען — יַחֲזוֹר הַגַּלְגַּל

איבערהאבען — הָיֹה לְ־ דְּבָרִים רַבִּים
וואס איך האב איבערגעהאט! — כַּמָּה הַרְפַּתְקָאוֹת עָבְרוּ עָלַי!

איבערהאַטען — כָּבֹשׁ, סָכֹר מֵחָדָשׁ

איבערהאלטען — עַכֵּב, הַשְׁאֵר אֶצְלוֹ יוֹתֵר מִדַּי
א שטיקל צייט — הַשְׁאֵר אֶצְלוֹ זְמַן מָה
יעדער האלט דאס איבער — יַד הַכֹּל מְמַשְׁמֶשֶׁת בּוֹ

איבערהאנדלען — סָחֹר (במינים שונים)

איבערהאקען — חָטֹב לִשְׁנַיִם, בַּקֵּעַ לַחֲצָאִין
די רייד — הַפְסֵק אֶת־ בְּדִבּוּרוֹ, הִכָּנֵס לְתוֹךְ דִּבְרֵי־

איבערהאָרעווען זיך — עָבֹד יוֹתֵר מִדַּי, יַגֵּעַ עַצְמוֹ בַּעֲבוֹדָה

איבערהארען = איבערווארטען

איבערהויפט (ג. Überhaupt) — בִּכְלָל, בְּיִחוּד, סְתָם

איבערהייצען — הַסֵּק שֵׁנִית; הַסֵּק יוֹתֵר מִדַּי

איבערהיפערן — פָּסֹחַ, דָּלֹג, דַּלֵּג, סָרֹג עַל־



איבערהייבען זיך — הָרֵם מַשָּׂא כָּבֵד מִכֹּחוֹ, מֵעַל לְכֹחוֹ
זיך איבערגעהמען — גָּסֹס לִבּוֹ, זָחֹה דַּעְתּוֹ עָלָיו

איבערהענגען — תָּלֹה עַל פְּנֵי־, פָּרֹשׂ מָסָךְ עַל־, הָסֵךְ בְּעַד־

איבערוואכען — שָׁמֹר עַל־

איבערוואנדערן — נָסֹעַ לְמָקוֹם אַחֵר, הַגֵּר, יָצֹא אֶל־

איבערוואקסען — צָמֹחַ וְעָלֹה עַל־, שָׂגֹא מִ־
א איבערגעוואקסענע מויד — נַעֲרָה שֶׁכְּבָר בָּגְרָה

איבערווארטען — הַמְתֵּן, חַכֵּה

איבערווארפען — הַשְׁלֵךְ, הַטֵּל, זָרֹק (ממקום למקום)
זיך (מיט ווערטער) — הַחֲלֵף דְּבָרִים עִם־
זיך טויפען — הִתְנַצֵּר

איבערוואַשען — כַּבֵּס כָּל־; כַּבֵּס שֵׁנִית
זיך — הִכַּבֵּס, הִכַּבֵּס שֵׁנִית
האבען אין וואס זיך איבערצוּוואשען — הָיֹה לְ־ חֲלִיפוֹת שְׂמָלוֹת הַרְבֵּה

איבערוויַיהען — זָרֹה, זָרֹה שֵׁנִית

איבערווײַלען = איבערווארטען

איבערוויינען זיך — פָּסֹק מִלִּבְכּוֹת

איבערווייַסען — סִיד, סַיֵּד, לַבֵּן, הַלְבֵּן שֵׁנִית

איבערווייקען — שָׁרֹה, הַרְטֵב, שָׁרֹה שֵׁנִית

איבערווינדלען = איבערוויקלען

איבערווינטערן — חָרֹף, בַּלּוֹת יְמֵי הַחֹרֶף

איבערווינקען זיך — שַׁקֵּר, רָמֹז אִישׁ לְרֵעֵהוּ, קָרֹץ בְּעֵינָיו (זה לזה)

איבערוויקלען — גָּלֹל, כָּרֹךְ שֵׁנִית; חַתֵּל מֵחָדָשׁ
איינוויקלען — כָּרֹךְ אֶת־, בְּ־

איבערווישען — מָחֹה, נַגֵּב, נַגֵּב שֵׁנִית

איבערוועגונג — הַכְרָעָה

איבערוועגען — שָׁקֹל
נאך אמאל — חָזֹר וְשָׁקֹל
קאנטראלירען די וואג — בָּדֹק, בַּקֵּר הַמִּשְׁקָל
מעהר וועגען — עָלֹה בְּמִשְׁקָלוֹ עַל־, הַכְרֵעַ
עמיצען, זיין העכער — עָלֹה עַל, הָיֹה נִשָּׂא עַל־
די ווערטער — פַּלֵּס דְּבָרָיו

איבערוועלטיגען — גָּבֹר עַל־, נַצֵּחַ אֶת־

איבערוועלטליך — לְמַעְלָה מִדֶּרֶךְ הַטֶּבַע

איבערוועלען זיך — חָדֹל לַחְמֹד, עָבֹר תַּאֲוַת־

איבערוועקסלען — הַחֲלֵף, הָמֵר, שַׁנֵּה
איברוועקסען — גָּהֵץ, מָרֹט שֵׁנִית

איבערווערטלען זיך — הַחֲלֵף דִּבְרֵי חֵרוּף, דִּבְרֵי רִיב עִם־

איבערזאגען — אָמֹר שֵׁנִית, חָזֹר עַל־
די פרייז — דָּרֹשׁ יוֹתֵר מִשָּׁוְיוֹ
א חוב — הַמְחֵה

איבערזאטלען — חָבֹשׁ שֵׁנִית

איבערזאַט — רָוֶה, שָׂבֵעַ מְאֹד

איבערזאַטען זיך — שָׂבֹעַ מְאֹד, אָכֹל יוֹתֵר מִכְּדֵי שְׂבִיעָה

איבערזאלצען — מָלֹחַ, מָלֹחַ שֵׁנִית
צו פיעל — מָלֹחַ יוֹתֵר עַל הַמִּדָּה, הַגְדֵּשׁ בִּמְלִיחָה

איבערזוכען — חָפֹשׂ, חַפֵּשׂ, בָּדֹק כָּל־, פַּשְׁפֵּשׁ בְּ־

איבערזומערן — קִיץ, בַּלֵּה יְמֵי הַקַּיִץ

איבערזיִגען — נַצֵּחַ, אֶת־, גָּבֹר עַל־

איבערזיִדען — רַתֵּחַ, רַתֵּחַ יוֹתֵר מִדַּי
עס האט שוין איבערגעזאטען — כְּבַר רָתַח

איבערזייגען — הֵינֵק יוֹתֵר מִדַּי
זיך — יָנֹק יוֹתֵר מִדַּי

איבערזייהען — זָרֹעַ שֵׁנִית, חָזֹר וְזָרֹעַ

איבערזיין — הָיֹה, הִתְמַהְמֵהַּ, הִשָּׁאֵר בְּ־
אומעדום — הָיֹה בְּכָל מָקוֹם

איבערזײַען — סַנֵּן

איבערזײַערן — הַחֲמֵץ יוֹתֵר מִדַּי

איבערזייפען — כַּבֵּס, שׁוֹף בְּבֹרִית, סַבֵּן
נאך אַ מאל — סַבֵּן שֵׁנִית

איבערזיכט — הַשְׁקָפָה, סְקִירָה

איבערזילבערן — צַפֵּה כֶּסֶף, הַכְסֵף
נאך א מאל — הַכְסֵף שֵׁנִית

איבערזינגען — שִׁיר, זַמֵּר שֵׁנִית

איבערזיפּען — כָּבֹר, נַפֵּה
נאך אמאל — כָּבֹר, נַפֵּה שֵׁנִית
די ווערטער — נַפּוֹת דְּבָרָיו

איבערזיצען — יָשֹׁב וְהַמְתֵּן
צו פיעל — יָשֹׁב יוֹתֵר מִדַּי
ער איז דארטען איבערגעזעסען א שטיקעל צייט —

יָשַׁב, שָׁהָה שָׁם עֵת קְצָרָה
דער ברויט איז איבערגעזעסן — הַלֶּחֶם נִשְׁאַר בַּתַּנּוּר יוֹתֵר מִדַּי

איבערזעגען — נַסֵּר לִשְׁנַיִם, גָּזֹר בְּמַשּׂוֹר

איבערזעהן — בַּקֵּר; סְקֹר, רָאֹה שֵׁנִית
א ספר תורה — הַגֵּהַּ

איבערזעהער — מְבַקֵּר, סוֹקֵר, בּוֹדֵק; מַגִּיהַּ; רוֹאֵה חֶשְׁבּוֹן

איבערזעטיגען — שַׂבֵּעַ, הַשְׂבֵּעַ, רַוֵּה יוֹתֵר מִדַּי
זיך — שָׂבֹעַ יוֹתֵר מִדַּי, אָכֹל יוֹתֵר מִכְּדֵי שְׂבִיעָה

איבערזעצונג — הַעְתָּקָה, תַּרְגּוּם

איבערזעצען — שַׁנּוֹת מְקוֹם־, הוֹשֵׁב אֶת־ בְּמָקוֹם אַחֵר
בוימער — נָטֹעַ מֵחָדָשׁ, שָׁתֹל
א בוך — הַעְתֵּק, תַּרְגֵּם
אין פרייז — הַעֲלֵה מְחִיר־, לָקֹחַ יוֹתֵר מִשָּׁוְיוֹ
זיך — שַׁנּוֹת מְקוֹמוֹ, יָשֹׁב בְּמָקוֹם אַחֵר

איבערזעצער — מְתַרְגֵּם, מַעְתִּיק
טאלמאטש — מְתֻרְגְּמָן, תֻּרְגְּמָן, מֵלִיץ

איבערחזר׳ן — חָזֹר עַל־, שָׁנֹה
זיך — הִשָּׁנוֹת (ועל השנות החלום פעמים)

איבערחלש׳ן — הִנָּעֵר מֵהִתְעַלְּפוּת, שׁוּב לִתְחִיָּה
דאס הארץ האט מיר איבערגעחלש׳ט — עָבְרָה תַאֲוָתִי, עָבַר תֵּאֲבוֹנִי, בּוּלְמוּסִי

איבערטאסעווען — נַעֵר, עָרֹב, טָרֹף קְלָפִים

איבערטאסקען — טַלְטֵל, נָשֹׂא לְמָקוֹם אַחֵר

איבערטאפּען — מָשֹׁשׁ, מַשֵּׁשׁ, מַשְׁמֵשׁ כָּל־

איבערטון — עָשֹׂה שֵׁנִית, חָזֹר וְעָשֹׂה
פיעל זאכען — עָשֹׂה דְבָרִים הַרְבֵּה
זיך — הַחֲלֵף בְּגָדָיו

איבערטיילען — חָצֹה, חַלֵּק

איבערטינקעווען — סַיֵּד, טַיֵּחַ שֵׁנִית

איבערטינקען — טָבֹל כָּל־, טָבֹל שֵׁנִית

איבערטענה׳ן — לָקֹחַ דְּבָרִים עִם־, טָעֹן עִם־

איבערטערפּען — סָבֹל, נָשֹׂא

איבערטראגונג — נְשִׂיאָה מִ־ לְ־, הַעֲבָרָה
פון א בוך — הַעְתָּקָה, הֶעְתֵּק

איבערטראגען — הַעֲבֵר, נָשֹׂא מִ־ אֶל־
טערפּען — סָבֹל, נָשֹׂא
פון א בוך — הַעְתֵּק
איבערגעטראגענע באדייטונג — דֶּרֶךְ הַעֲבָרָה, הַשְׁאָלָה
איך קאן שוין ניט איבערטראגען — לֹא אוּכַל נְשׂוֹא עוֹד, כַּלְכֵּל לֹא אוּכַל, לֹא אוּכַל שְׂאֵת, קָשֶׁה כֹּחַ הַסַּבָּל

איבערטראכטען — הַרְהֵר, דָּאֹג, פָּחֹד
נאך אמאל — חָשֹׁב עוֹד פַּעַם
באטראכטען — הִתְבּוֹנֵן, הִתְיַשֵּׁב בְּ־

איבערטריבען — מֻגְזָם, מְפֹרָז

איבערטרייבונג — גֵּרוּשׁ מִמָּקוֹם לְמָקוֹם; גֻּזְמָה, הַפְלָגָה, הַפְרָזָה, הַגְזָמָה

איבערטרייבען — גָּרֵשׁ מִמָּקוֹם לְמָקוֹם
מגזם זיין — גַּזֵּם, הַגְזֵם, הַפְלֵג, הַפְרֵז, הַגְדֵּשׁ הַסָּאָה
ניט איבערטריבען — בְּלִי גֻזְמָה
פערד — דָּפֹק, הַלְאֵה בִּמְרוּצָה, הָרֵץ לַעֲיֵפָה
בראנפען — זַקֵּק יֵין שְׂרָף, זַקֵּק שֵׁנִית

איבערטרינקען זיך — סָבֹא, שָׁתֹה יוֹתֵר מִדַּי
ווי איינער וואס האט זיך איבערגעטרונקען מיט ווייִן — כְּגֶבֶר עֲבָרוֹ יָיִן

איבערטריקענען — יַבֵּשׁ, יַבֵּשׁ יוֹתֵר מִדַּי

איבערטרעטונג — מַעֲבָר, עֲבֵרָה, פְּסִיעָה
א זינד — עֲבֵרָה פְּשִׁיעָה

איבערטרעטען — דָּרֹךְ עַל־, עָבֹר, פָּסֹעַ עַל־
זינדיגען — עָבֹר חֹק, פָּשֹׁעַ
צו אן אנדער רעליגיע — עָבֹר, הִתְדַּבֵּק אֶל אֱמוּנָה אַחֶרֶת

איבערטרייסלען — נַעֵר, הָנֵעַ, נַעֲנֵעַ

איבערטרעפען — עָלֹה עַל־, גָּבֹר עַל־

איבעריאָגען — רוּץ אֶל־; עָבֹר אֶת־, רוּץ וְהַקְדֵּם אֶת־

איבער־יאהר = עִבּוּר יאָהר — שָׁנָה מְעֻבֶּרֶת

איבעריג (ג. Übrig) — מְיֻתָּר, עֹדֵף, מוּתָר, בְּיוֹתֵר, לְמוֹתָר
איך האב איבעריג — יֵשׁ לִי עוֹדֵף, מוֹתָר
די וועלט איז מיר איבעריג — הָעוֹלָם אַךְ לְמוֹתָר לִי
דו ביזט ביי מיר ניט איבעריג — אֵין אַתָּה לְמוֹתָר, לִמְיֻתָּר לִי
וואס „צו" איז איבעריג — כָּל יֶתֶר כְּנָטוּל דָּמֵי



דאס איבעריגע געלט — הַכֶּסֶף הַנִּשְׁאָר לִי־
די איבעריגע מענשען — הָאֲנָשִׁים הָאֲחֵרִים, שְׁאָר הָאֲנָשִׁים
דאס איבעריגע לאזט זאפּאַס אויף מארגען — וְאֶת הָעוֹדֵף הַנִּיחוּ לָכֶם לְמִשְׁמֶרֶת עַד הַבֹּקֶר
ס׳איז איבעריג צו רעדען דערפון — לְמוֹתָר הוּא לְדַבֵּר בָּזֶה
ער איז ניט איבעריג קלוג — אֵינֶנּוּ חָכָם בְּיוֹתֵר

איבעריגם — מוֹתָר, עֹדֵף, יוֹתֵר

איבעריגענס — אַגַּב, חוּץ מִזֶּה, מִלְּבַד זֶה

איבערכאפּען — חָטֹף, חָפֹז
דעם הונגער — אָכֹל אֲכִילָה קַלָּה, טָעֹם מְעַט, סָעֹד לִבּוֹ, שָׁבֹר רַעֲבוֹנוֹ
די מאָס — גָּדֹשׁ, הַגְדֵּשׁ הַסָּאָה, הַפְרֵז עַל הַמִּדָּה
זיך ערגעץ — חוּשׁ וְעָבֹר אֶל־, מַהֵר אֶל־

איבערכיטריוען — עָלֹה בְעָרְמָתוֹ עַל־, הַעֲרֵם עַל־

איבערלאדונג — פְּרִיקָה מִ־ וּטְעִינָה עַל־

איבערלאדען — פָּרֹק מִ־ וְטָעֹן עַל־
צו פיעל — טָעֹן עַל־ יוֹתֵר מִדַּי, הַעֲמֵס־

איבערלאזונג — נוֹתָר, שִׁיּוּר, שְׁיָר, יֶתֶר, שְׁאֵרִית

איבערלאזען — הוֹתֵר; שַׁיֵּר, הַשְׁאֵר
עמיצען אליין — הַשְׁאֵר אֶת־ יְחִידִי, לְבַדּוֹ, עָזֹב אֶת־
ירושה — הוֹרֵשׁ אֶת־, הַשְׁאֵר לְ־ (בירושה)

איבערלאטען — טַלֵּא, הַטְלֵא שֵׁנִית
יעדערם — טַלֵּא הַטְלֵא כָּל־

איבערלאכען (עמיצען) — גָּבֹר בִּשְׂחוֹקוֹ עַל־
זיך — פָּסֹק מִשְּׂחוֹק, שָׂחֹק וּפָסֹק

איבערלאסט — מַשָּׂא מֻרְבֶּה

איבערלאָפּטשען — כָּאֹב וּפָסֹק, עָבֹר הַכְּאֵב

איבערלאַקירען — מָשֹׁחַ בְּלַכָּה שֵׁנִית, חָזֹר וְלַכֵּה

איבערלויפען — רוּץ וְעָבֹר אֶל־
עמיצען — עָבֹר אֶת־
די יויך איז איבערגעלויפען — הַמָּרָק עָלָה וְעָבַר, גָּלַשׁ
זיך — הִלָּאֵה מֵרִיצָה

איבערלויפערלאך — מִשְׂחַק הַמֵּרוּץ
זיי שפּילען זיך אין איבערלויפערלאך — מְנַצְּחִים זֶה אֶת זֶה בְּרִיצָה

איבערלופטערן — רַוֵּחַ, אַוֵּר, אַוְרֵר, טַהֵר בָּרוּחַ
נאך אמאל — רַוֵּחַ שֵׁנִית
זיך — הִתְרַוֵּחַ, הִתְאַוֵּר, הִטַּהֵר בָּרוּחַ

איבערליגען — שָׁכֹב עַד־, שָׁכֹב זְמַן מָה

איבערלײַדיגען — הָרֵק מִכְּלִי אֶל כֶּלִי

איבערלײַדען — סָבֹל הַרְבֵּה; סָבֹל וְנָשֹׂא עַד־

איבערלײַטערן — זַקֵּק, צָרֵף, טַהֵר
זיך — הִזָּקֵק, הִטַּהֵר, הִצָּרֵף

איבערלייענען — קָרֹא כָּל־, עָבֹר עַל־ עַד תֻּמּוֹ, גָּמֹר, כַּלֵּה לִקְרֹא
נאך א מאל — קָרֹא שֵׁנִית

איבערליפערן — מָסֹר, הַסְגֵּר

איבערלעבונג — נִסָּיוֹן

איבערלעבען עמיצען — הַאֲרֵךְ יָמִים אַחֲרֵי־, בַּלֵּה אֶת־
איך האב איבערגעלעבט א סך צרות — צָרוֹת רַבּוֹת עָבְרוּ עָלַי בְּחַיַּי

איבערלעגונג — יִשּׁוּב הַדַּעַת, הִתְיַשְּׁבוּת, שִׁקּוּל הַדַּעַת

איבערלעגען — הַנֵּחַ בְּמָקוֹם אַחֵר
נאך א מאל — הַנֵּחַ שֵׁנִית, סַדֵּר שֵׁנִית
איבער עפּים — הַנֵּחַ, נָתֹן עַל־
האלץ אין אויוועַן — עָרֹךְ עֵצִים
יענעמס ווערטער — שַׁנֵּה דִבְרֵי
באקלערען — חָשֹׁב, בִּין בְּ־
זיך — שָׁכֹב בְּמָקוֹם אַחֵר
זיך באקלערען — הִתְיַשֵּׁב, הִתְחַשֵּׁב, הִמָּלֵךְ בְּדַעְתּוֹ

איבערלעזען = איבערלייענען

איבערלערנען — לָמֹד וְעָבֹר
נאך א מאל — לָמֹד שֵׁנִית
זיך — לָמֹד הַרְבֵּה, יוֹתֵר מִדַּי

איבערמאָהלען — טָחֹן שֵׁנִית, טָחֹן כָּל־

איבערמאָווערן — איבערמויערן

איבערמאָזלען — עָבֹר עַל־ מַחֲלַת הָאֲדֶמֶת

איבערמאכט — גְּבוּרָה יְתֵרָה, יָד עֶלְיוֹנָה

איבערמאכען — עָשֹׂה שֵׁנִית, שַׁנֵּה, עָשֹׂה בְּאֹפֶן אַחֵר
זיך — הִשְׁתַּנֵּה, הֵהָפֵךְ לְאַחֵר

איבערמאָלען — צָבֹעַ שֵׁנִית, בְּאֹפֶן אַחֵר
זיך — הִצְטַבֵּעַ שֵׁנִית

איבערמאס — שֶׁפַע, עֲתֶרֶת, גֹּדֶשׁ, מִדָּה גְדוּשָׁה, הַעֲדָפָה
איבערמארגען — מָחֳרָתַיִם, מָחָר הַשְּׁלִישִׁית, אַחֲרֵי מָחָר
איבערמויערן — בָּנֹה מֵחָדָשׁ
איבעמישען — בָּלֹל, עַרְבֵּב, בַּלְבֵּל
אין א בוך — הָפֹךְ דַּף, דַּפְדֵּף, עַלְעֵל
איבערמענש — אָדָם עֶלְיוֹן, אָדָם עִילָּאָה
איבערמענשליך — לְמַעְלָה מִטֶּבַע אָדָם
איבערמעסטען — מָדֹד, בָּדֹק הַמִּדָּה, מָדֹד שֵׁנִית
איבערמעסיג — עָצוּם, יֶתֶר עַל הַמִּדָּה
איבערמעסליך = איבערמעסיג
איבערן = איבער דעם
איבערן בריק געהן — עָבֹר בַּגֶּשֶׁר
איבערנאטירליך — לְמַעְלָה מִדֶּרֶךְ הַטֶּבַע
איבערנויט — כְּמִי שֶׁכְּפָאוֹ שֵׁד, בְּעַל כָּרְחוֹ
איבערניים — מֵחָדָשׁ, שׁוּב
איבערניצעווען — חַדֵּשׁ בֶּגֶד יָשָׁן
איבערנייען — תָּפֹר מֵחָדָשׁ
איבערנעהמונג — לְקִיחָה, אֲחִיזָה, קַבָּלָה
איבערנעהמען — קַבֵּל, לָקֹחַ
ער נעהמט גיך איבער — מָהִיר לִשְׁמוֹעַ
דאס לערנען — קַבֵּל
די לייצעס — לָקֹחַ רֶסֶן הַמֶּמְשָׁלָה בְּיָדוֹ
עמיצען אויפ׳ן וועג — סֹף דֶּרֶךְ, תָּפֹשׂ אֶת־ בַּדֶּרֶךְ
א חוב — קַבֵּל עַל עַצְמוֹ חוֹב־
מעהר נעהמען — לָקֹחַ יוֹתֵר מִדַּי
זיך — הִתְגָּאֵה עַל־, הִתְפָּאֵר, הִתְנַשֵּׂא, זוֹחַ דַּעְתּוֹ עָלָיו, הִתְיַהֵר, הִתְרַבְרֵב, הִתְגַּנְדֵּר
דאס שלאפקייט האט זיך איבערגענומען — הַמַּחֲלָה עָבְרָה, הִשְׁתַּנְּתָה לְטוֹבָה
איבערנעהמער — מְקַבֵּל, מְמַלֵּא מָקוֹם, בָּא אַחֲרֵי־
איבערנעכטיגען — לִין, לוּן
מיט צרות אבי מע נעכטיגט איבער — צָרָה שֶׁלָּנָה נִטַּל עָקְצָהּ, בָּת דִּינָא בָּטֵל דִּינָא
איבערסטרויען — בָּנֹה מֵחָדָשׁ
איבערסילען — חָרֹז שֵׁנִית
איבערענדערן — שַׁנֵּה, הַחֲלֵף
איבערענטפערונג — מְסִירָה, הַסְגָּרָה

איבערענטפערן — מָסֹר, סַגֵּר, סַכֵּר, הַסְגֵּר בִּידֵי־
איבערעסען — אָכֹל כָּל־, אַכֵּל
זיך — אָכֹל יוֹתֵר מִדַּי, יוֹתֵר עַל הַמִּדָּה
זיך דאס הארץ — הַכְאֵב לִבּוֹ, דָּאֹג, הִצְטַעֵר
איבערעקזאמענירען — בָּחֹן שֵׁנִית
איבערפאָהר — מַעֲבָר
איבערפאהרען — עָבֹר אֶל־, עָבֹר אֶת־
אין שטאט אריין — עָבֹר הָעִירָה
עמיצען — עָבֹר עַל־
דעם בריק — עָבֹר אֶת הַגֶּשֶׁר
איבערפאל — הִתְנַפְּלוּת עַל־
איבערפאלען — הִתְנַפֵּל עַל־
איבערפאָקען — עָבֹר מַחֲלַת הָאֲבַעְבּוּעוֹת
איבערפאַקען — אָרֹז, חָבֹשׁ שֵׁנִית, בְּאֹפֶן אַחֵר
זיך — אָכֹל אֲכִילָה גַּסָּה
איבערפאַרבען — צָבֹעַ שֵׁנִית, מֵחָדָשׁ
איבערפאָרמירען — שַׁנֵּה צוּרַת־
איבערפארמעווען = איבערפארמירען
איבערפוילען — רָקֹב כֻּלּוֹ
איבערפול — שֶׁפַע, שִׁפְעָה, מִדָּה יְתֵרָה
ת״פ — מָלֵא עַל כָּל גְּדוֹתָיו, גָּדוּשׁ, מָלֵא וְגָדוּשׁ
איבערפוצעווען — עָבֹר הַמִּדָּה, הַגֵּדֵר
איבערפוצען — מָרֹט, מָרֹק שֵׁנִית
יעדערם — מָרֹט, מָרֹק כָּל־
א דאמען הוט — פָּאֵר מֵחָדָשׁ
איבערפיהרונג — הַעֲבָרָה (ממקום למקום)
פארדארבונג — הַשְׁחָתָה, קִלְקוּל, אִבּוּד
איבערפיהרען — הַעֲבֵר (ממקום למקום)
פארדארבען — הַשְׁחֵת, קַלְקֵל, אַבֵּד
איבערפיהרער — מַעֲבִיר; מַשְׁחִית, מְאַבֵּד
איבערפיטערן — פַּטֵּם יוֹתֵר מִדַּי
זיך — הִפַּטֵּם יוֹתֵר מִדַּי
איבערפיילען — שׁוֹף שֵׁנִית
אויף צווייען — שׁוֹף לַחֲצָאִין, גָּזֹר בְּשׁוֹפִין
איבערפילונג — הַגְדָּשָׁה מִלּוּא יוֹתֵר מִדַּי
איבערפילען — הַגְדֵּשׁ, מַלֵּא יוֹתֵר מִדַּי
איבערפלוס (ג. Uberfluss) — שֶׁפַע, שִׁפְעָה, עֲתֶרֶת
איבערפליהען — עוּף, פָּרֹחַ, טוּס אֶל־
איבער — עוּף, פָּרֹחַ וְעָבֹר עַל־



איבערפליסיג — עָצוּם, רַב
ת״פ — לָרֹב, בְּשֶׁפַע, לְמַכְבִּיר
איבערפליסען — זָרֹם, שָׁטֹף וְעָבֹר, עָבֹר עַל גְּדוֹת־
איבערפלעכטען — קָלֹעַ שֵׁנִית; קָלֹעַ, עַבֵּת
איבערפלעטען — הַגְהֵל שֵׁנִית
איבערפעפערן — פַּזֵּר פִּלְפְּלִים עַל־
צו פיעל — פַּלְפֵּל יוֹתֵר מִדַּי, הַקְדֵּחַ בְּפִלְפְּלִים
איבערפריוווען — נַסֵּה כָּל־
איבערפרירען — קָפֹא בַּקָּרָה כֻּלּוֹ
איבערפרעגלען — טַגֵּן שֵׁנִית, טַגֵּן יוֹתֵר מִדַּי
איבערפרעגען — שָׁאֹל שֵׁנִית, שָׁאֹל אֶת כָּל־
איבערפרעסען — כָּבֹשׁ יוֹתֵר עַל הַמִּדָּה
מיט א פרעסעל — הַחֲלֵק שֵׁנִית, הַחֲלֵק כָּל־
איבערפרעסען זיך — אָכֹל אֲכִילָה גַּסָּה, זָלֹל הַרְבֵּה
איבערצאהלען — שַׁלֵּם יוֹתֵר, הַעֲדֵף שִׁלּוּמוֹ
איבערצאמען — גָּדֹר, בָּנֹה מְחִיצָה, חַיֵּץ
איבערצאפען — הַזֵּל מִ־ אֶל־
איבערצוג (ג. Überzug) — מַעֲטָפָה עֶלְיוֹנָה
איבערצוקערן — פַּזֵּר סֻכָּר עַל־; הַגְדֵּשׁ סֻכָּר עַל־
נאך א מאל — הַמְתֵּק שֵׁנִית
איבערציה, איבערציהעכץ = איבערצוג
איבערציהען — עָטֹף, צַפֵּה, חַפֵּה, עָטֹה (כר כסת)
דעם בויגען, די סטרונע — מָתֹחַ יוֹתֵר מִדַּי
אויף אן אנדער ארט — הַעְתֵּק אֶל מָקוֹם אַחֵר
זיך — עָבֹר, יָצֹא אֶל־
זיך מיט הויט — הַקָּרֵם, קָרֹם עוֹר עַל־
איבערצייגונג (ג. Überzeigung) — הַכָּרָה פְּנִימִית, חֲזָקָה
איבערצייגט זיין — הָיֹה בָטוּחַ הָיֹה בָרִי לְ־
איך בין איבערצייגט — בָּרִי לִי, בָּטוּחַ אֲנִי, מוּחְזְקַנִי
איבערצייגען — הוֹכֵחַ בָּרוּר לְ־
האסט מיך איבערצייגט און אויסגעפיהרט! — חֲזַקְתַּנִי וַתּוּכָל (ירמיהו כ׳ ז׳)
זיך — הִוָּכֵחַ בָּרוּר
איבערצייכענען — רָשֹׁם שֵׁנִית
איבערצייטיג — בָּשׁוּל יוֹתֵר מִדַּי
איבערצלמ׳ן זיך — הִצְטַלֵּב

איבערצעהלונג — סְפִירָה
איבערצעהלען — סָפֹר, מָנֹה
נאך א מאל — סָפֹר, מָנֹה שֵׁנִית
ניט איבערצוצעהלען — אֲשֶׁר לֹא יִסָּפֵר, לֹא יִמָּנֶה
איבערקאטשען — גַּלְגֵּל אֶל־
זיך — הִתְגַּלְגֵּל
איבערקאָכען — בַּשֵּׁל שֵׁנִית
צו פיעל — בַּשֵּׁל יוֹתֵר מִדַּי
אין מאגען — עַכֵּל, אַכֵּל
מיין מאגען קאן דאס ניט איבערקאכען — אֵין קֵבָתִי יְכוֹלָה לְעַכֵּל זֶה; לָאו מוֹחִי סָבִיל דָּא
זיך — הִתְאַכֵּל, הִתְעַכֵּל; חָדֹל מֵהִתְרַגֵּז
דאס איבערקאכען — עִכּוּל, אִכּוּל
איבערקאַלכען — סַיֵּד שֵׁנִית, מֵחָדָשׁ
איבערקאָפּירען — הַעְתֵּק שֵׁנִית, מֵחָדָשׁ
איבערקוואַטשען — מַשְׁמֵשׁ וְלַכְלֵךְ, מַסְמֵס
איבערקויפען — קָנֹה הַרְבֵּה, קָנֹה עַל מְנָת לִמְכּוֹר
עמיצען — שַׁחֵד אֶת־
איבערקויפער — קוֹנֶה עַל מְנָת לִמְכּוֹר
איבערקומען — הִפָּטֵר מִ־, יָצֹא בְשָׁלוֹם מִ־, עָמֹד בְּ־
אויף עפים — בֹּא לִידֵי־, לְמַדְרֵגָה
אז זי וועט איבערקומען צו דער רעכטער צייט — כִּי תֵלֵד בְּשָׁלוֹם, כִּי תַעֲבוֹר לֵדָתָהּ בְּשָׁלוֹם
איבערקוקען — הַגֵּהַ; בַּקֵּר, בָּדֹק
נאך אמאל — הַגֵּהַ, בַּקֵּר שֵׁנִית
איבערקוקער — מַגִּיהַּ, מְבַקֵּר
איבערקייען — לְעֹס, לָעֹס שֵׁנִית; הַעֲלֵה גֵרָה
יענעמס ווערטער — הַעֲלֵה גֵרָתוֹ שֶׁל־
ער עסט איבערגעקייטע זאכען — קִמְחָא טְחִינָא טָחִין
איבערקייקלען — גָּלֹל, גַּלְגֵּל אֶל־
איבערקלוג — מִתְחַכֵּם הַרְבֵּה, עָרוּם יוֹתֵר מִדַּי
איבערקלויבען — בָּרֹר
אין עסען — הָיֹה אִסְטְנִס, הַקְפֵּד בַּאֲכִילָתוֹ
עמיצען אין א דירה — הוֹצֵא אֶת־ לְדִירָה
זיך — יָצֹא אֶל דִּירָה אַחֶרֶת, הַחֲלֵף דִּירָתוֹ
איבערקלויבער — אִסְטְנִס, מַקְפִּיד, מְדַקְדֵּק בַּאֲכִילָתוֹ
איבערקליגען — הִתְחַכֵּם עַל־, עָלֹה בְּעָרְמָתוֹ עַל־

איבערקלייב — בְּרֵרָה
איבערקלײַבען = איבערקלויבען
איבערקלייבער = איבערקלויבער
איבערקלייד — בֶּגֶד עֶלְיוֹן
איבערקלײַדען — הַחֲלֵף בִּגְדֵי־
זיך — חַלֵּף, הַחֲלֵף בְּגָדָיו, שִׂמְלוֹתָיו
איבערקלײַען — דַּבֵּק שֵׁנִית, דַּבֵּק כָּל־
איבערקלינגען — צָלֹל, צַלְצֵל שֵׁנִית
דעם זייגער — כַּוֵּן צִלְצוּל הַשָּׁעוֹן
דער זייגער האט איבערגעקלינגען — הַשָּׁעוֹן צִלְצֵל יוֹתֵר עַל הַמִּדָּה
איבערקלעמען — לָחֹץ יוֹתֵר מִדַּי
דאס הארץ האט מיר איבערגעקלעמט — עָבַר תַּאֲבוֹנִי, בּוּלְמוּסִי
איבערקלעפען — דַּבֵּק שֵׁנִית, בְּאֹפֶן אַחֵר
איבערקלערונג — הִרְהוּר, חֲשָׁש
איבערקלערען — חָשֹׁב, הַרְהֵר, חָשֹׁש
אויף עמיצען — הַרְהֵר אַחֲרֵי־
איך קלער איבער — מְהַרְהֵר אָנֹכִי, לִבִּי מְהַסֵּס, חוֹשְׁשַׁנִי
איבערקנייטשען — קָמֹט, כָּפֹל שֵׁנִית
איבערקניפען — קָשֹׁר שֵׁנִית
איבערקנעטען — גָּבֹל, לוּש שֵׁנִית
איבעררײַסעווען — צַיֵּר, רָשֹׁם, רַשֵּׁם שֵׁנִית, מֵחָדָש
איבעררעדונג — הֲסָתָה, פִּתּוּי
איבעררעדען — פַּתֵּה, הָסֵת אֶת־, הַטֵּה אֶת־
מיט עמיצען — דַּבֵּר עִם־, לָקֹחַ דְּבָרִים עִם־, הִמָּלֵךְ עִם־
זאלסט דאס פאר קיינעם ניט איבעררעדען — אַל תַּזְכִּיר זֶה לִפְנֵי אִישׁ
נאך א מאל — חָזֹר עַל דְּבָרָיו, שָׁנֹה דְּבָרָיו
ער לאזט זיך איבעררעדען — קַל לְהִתְפַּתּוֹת, קַל בְּדַעְתּוֹ, דַּעְתּוֹ קַלָּה
איבעררעכענען — חָשֹׁב שֵׁנִית, בָּחֹן חֶשְׁבּוֹן
צורעכענען — הַעֲלֵה עַל הַחֶשְׁבּוֹן, הוֹסֵף
באקלערען — חָשֹׁב, הִתְבּוֹנֵן בְּ־
זיך — הִתְחַשֵּׁב, הִתְבּוֹנֵן בְּ־
איבעררעשט — יֶתֶר, עוֹדֵף
איבערשאַבען — גָּרֵד שֵׁנִית־, כָּל־

איבערשאַטקעווען (קרויט) — פָּרֵךְ כְּרוּב
איבערשאליווען — חַיֵּץ בִּנְסָרִים
איבערשאַצען — הַעֲרֵךְ, שׁוּם
צו פיעל — הַעֲרֵךְ יוֹתֵר מִכְּפִי שָׁוְיוֹ, הַעֲלֵה הָעֲרָכָה
נאך א מאל — הַעֲרֵךְ שֵׁנִית, שׁוּם מֵחָדָשׁ
איבערשאָקלען — הָנֵעַ, נַעֲנַע אֶת־
איבערשאַרען — חָתֹה, גָּרֹף
נאך א מאל — חָתֹה, גָּרֹף שֵׁנִית
איבערשארפען — הַשְׁחֵז יוֹתֵר עַל הַמִּדָּה
איבערשווימען — שָׂחֹה לְעֵבֶר הַשֵּׁנִי, שָׂחֹה וְעָבֹר
איבערשוויצען — הַזֵּעַ
איבערשווענקען — שָׁטֹף, הָדֵחַ
זיך — הִשְׁתַּטֵּף
איבערשושקען זיך — לָחֹשׁ אִישׁ לְרֵעֵהוּ
איבערשטאָפען — מַלֵּא, פַּטֵּם יוֹתֵר מִדַּי
זיך — מַלֵּא כְּרֵסוֹ, הִתְפַּטֵּם יוֹתֵר מִדַּי
איבערשטאַרקען זיך — גָּבֹר עַל־
איבערשטייגען — עָלֹה עַל־, עָבֹר אֶת־
דעם פרייז — הַעֲלֵה הַמְּחִיר
איבערשטימען — הַעֲמֵד לְמִנְיָן שֵׁנִית
איבערשטעהן — עָמֹד עַד־
צו פיעל — עָמֹד יוֹתֵר מִדַּי
איבערליידען — סָבֹל, נָשֹׂא
איבערשטעלען — הַעֲמֵד בְּמָקוֹם אַחֵר
אנדערש — הַעֲמֵד בְּאֹפֶן אַחֵר
א מלבוש — תָּפֹר בְּאֹפֶן אַחֵר, שַׁנֵּה אָפְנֵי בֶגֶד
א שטימע — תַּקֵּן, כּוֹנֵן קוֹל
זיך — הִשְׁתַּנֵּה, שַׁנֵּה הֲלִיכוֹתָיו (לטוב או לרע)
איבערשטרײַכען — מָתֹחַ, רָשֹׁם קַו עַל־
איבערשיטען — שָׁפֹךְ, הָרֵק אֶל־
נאך אמאל — שָׁפֹךְ שֵׁנִית, פַּזֵּר מֵחָדָשׁ
בעטגעוואנט — מַלֵּא כְּסָתוֹת מוֹכִין, חַדֵּשׁ הַמּוֹכִין
איבערשיילען — קָלֹף; קָלֹף שֵׁנִית
איבערשיסען — יָרֹה כָּל־
זיך — הַחֲלֵף יְרִיּוֹת עִם־
איבערשיפען — הַעֲבֵר בָּאֳנִיָּה, בִּסְפִינָה
זיך — עָבֹר בָּאֳנִיָּה
איבעשיקונג — שְׁלִיחָה אֶל־, מִשְׁלוֹחַ



איבערשיקען — שָׁלֹחַ אֶל־
דאס איבערשיקען = איבערשיקונג
איבערשלאג — מִכְשׁוֹל, מַעְצוֹר, עִכּוּב
איבערשלאגען — הַפְרֵעַ אֶת־
די רייד — הַפְסֵק דִּבְרֵי־, הִכָּנֵס לְתוֹךְ דִּבְרֵי־
בעטגעוואנט — חָבֹט, נַעֲנֵעַ וְהָרֵךְ כְּסָתוֹת, הָפֹךְ מִשְׁכָּב
מיט אייער — טָרֹף בֵּיצִים בְּ־, תַּבֵּל בְּבֵיצִים אֶת־
איבערשלאפען — יָשֹׁן זְמַן מָה
צו פיעל — יָשֹׁן יוֹתֵר מִדַּי
זיך — יָשֹׁן דַּיּוֹ
איבערשליטלען — הַעֲבֵר בַּעֲגָלַת חֹרֶף
זיך — עָבֹר בַּעֲגָלַת חֹרֶף
איבערשלידערן — הַשְׁלֵךְ, קָלֹעַ מֵעַל לְ־, קַלֵּעַ אֶל־
איבערשלײַערן — קָלֹעַ שַׂעֲרוֹת, ־שֵׁנִית
זיך — קָלֹעַ שַׂעֲרוֹתֶיהָ שֵׁנִית, שַׁנּוֹת צָעִיף־
איבערשלײַפען — הַשְׁחֵז חַדֵּד שֵׁנִית
איבערשלײַפען — עָנֹב, קָשֹׁר שֵׁנִית
איבערשליסען — סָגֹר, נָעֹל שֵׁנִית
איבערשלעפען — סָחֹב, מָשֹׁךְ אֶל־
צו ביסלעך — מָשֹׁךְ מְעַט, מְעַט
איבערשמוגלען — הַעֲבֵר בַּסֵּתֶר, בִּגְנֵבָה, הַבְרֵחַ הַמֶּכֶס
איבערשמועסען — דַּבֵּר, שׂוֹחֵחַ עִם־
זיך — הִדָּבֵר עִם־
איבערשמידען — חָשֹׁל, נַגֵּד שֵׁנִית
איבערשמירען — מָרֹחַ, טוּחַ שֵׁנִית
איבערשמעלצען — הַמְסֵה, הַתֵּךְ שֵׁנִית
באשמעלצען — הַתֵּךְ עַל־, מָרֹחַ שׁוּמָן עַל־
איבערשמעקען — הָרֵחַ כָּל־
איבערשניידען — גָּזֹר לִשְׁנַיִם
איבערשנײַען — הִכָּלֵא הַשֶּׁלֶג, חָדֹל מֶרֶדֶת שֶׁלֶג
איבערשניצען — גַּלֵּף, פַּתֵּחַ שֵׁנִית
איבערשנירעווען — חָרֹז שֵׁנִית, אָרֹז בְּאֹפֶן אַחֵר
איבערשערען — גָּזֹר לִשְׁנַיִם, גָּזֹר, גָּזֹז שֵׁנִית
איבערשפאַלטען — בָּקֹעַ, בַּקֵּעַ לִשְׁנַיִם
איבערשפאַנען — רָתֹם בְּאֹפֶן אַחֵר
מיט די פיס — פָּסֹעַ עַל־, פָּסֹעַ מִ־ לְ־
די כוחות — אַמֵּץ כֹּחַ (יותר מדי)

איבערשפאַרונג — נִצּוּחַ, כִּבּוּשׁ יֵצֶר, הִתְגַּבְּרוּת עַל־
איבערשפאַרען — סָתֹר דִּבְרֵי־, חָזֹק עַל־ בִּדְבָרָיו
דעם יצר הרע — כָּבֹשׁ יִצְרוֹ, הִתְגַּבֵּר עַל יִצְרוֹ
איבערשפיליען — רָכֹס שֵׁנִית, חָזֹר וְרָכֹס
איבערשפילען — נַגֵּן שֵׁנִית; שַׂחֵק שֵׁנִית
פאר עמיצען — נַגֵּן לִפְנֵי־
איבערשפיצען — עָלֹה בְּעָרְמָתוֹ עַל־
איבערשפרייטען — מָתֹחַ, פָּרֹשׂ עַל־
איבערשפרינגען — דַּלֵּג עַל־
איבערשפריצען — זָרֹק שֵׁנִית עַל־
איבערשרויפען — בָּרֹג שֵׁנִית
צו פיעל — בָּרֹג יוֹתֵר מִדַּי
איבערשרייבען — כָּתֹב שֵׁנִית
פון א בוך — הַעְתֵּק מִסֵּפֶר
שטוב זאכען — רָשֹׁם כְּלֵי־
זיך — הַחֲלֵף מִכְתָּבִים עִם־
איבערשרייבער — מַעְתִּיק
איבערשרייען — הָרֵם קוֹלוֹ יוֹתֵר מִ־, צָעֹק בְּקוֹל יוֹתֵר מִ־
ס'זאל ניט איבערגעשריגען ווערען — אַל תִּשְׁלֹט בְּ־ עַיִן רָעָה
זיך — חָדֹל מִצְּעֹק
איבערשריפט — הַעְתָּקָה
איבערשרעק — הַפְחָדָה, דְּבַר פַּחַד
איבערשרעקען — הַפְחֵד, הַחֲרֵד, הַבְהֵל, הַבְעֵת
זיך — פָּחֹד, הִפָּחֵד, הִבָּהֵל
איבריג = איבעריג
איבריגענס = איבעריגענס
איגנארירען (Ignoriren) — בָּזֹה לְ־, בַּטֵּל אֶת־, חָשֹׁב לְאַיִן אֶת־, לֹא יָדֹעַ אֶת־
איגער (ג. Ocker) — אוֹכְרָה (מִין צֶבַע כָּתֹם)
איגערקע = אוגערקע
איד (Jude) — יְהוּדִי, עִבְרִי, יִשְׂרְאֵלִי, בֶּן־בְּרִית
ווערען א איד — הִתְיַהֵד
מאכען א איד — יַהֵד
אידאָל (Idol) — אֱלִיל
אידיאָט (Idiot) — שׁוֹטֶה, טִפֵּשׁ, הֶדְיוֹט
אידיאָטיש — כְּשׁוֹטֶה, כְּטִפֵּשׁ, הֶדְיוֹטִי

אידיאָטישקייט — שְׁטוּת, טִפְּשׁוּת, הֶדְיוֹטוּת
אידייע (Idee) — רַעְיוֹן, מַחֲשָׁבָה, אִידֵאָה
פיקס — שִׁגָּעוֹן לְדָבָר אֶחָד
אידייען־וועלט — עוֹלַם הָאֲצִילוּת
אידיליע (Idyle) — אִידִילְיָה
אידיש — יְהוּדִית; יְהוּדִי
ער רעדט אידיש — הוּא מְדַבֵּר יְהוּדִית
אידיש ברויט — לֶחֶם יְהוּדִי
אידישליך — שֶׁל יְהוּדִי, כְּדֶרֶךְ יְהוּדִי
אידישען — יַהֵד, מוּל, מָהֹל, הַכְנֵס אֶת־ בִּבְרִיתוֹ שֶׁל א״א
אידישקייט — יַהֲדוּת
אידליק — יְהוּדוֹן
אידעאל (Ideal) — מַשָּׂא נֶפֶשׁ, אִידֵאַל
אידעאליזם — אִידֵאַלִיּוּת
אידעאליסט — בַּעַל אִידֵאָה, אִידֵאַלִיסְט
אידעאלנע — אִידֵאַלִי
אידענע — יְהוּדִיָּה, עִבְרִיָּה, יִשְׂרְאֵלִית
אידעע = אידייע
אי״ה = אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם — אז גאט וועט הייסען, וועט וועלען
איהם (ג. Ihn, Ihm) — אוֹתוֹ, לוֹ
איך האב איהם ליעב — אָנֹכִי אוֹהֵב אוֹתוֹ
איך וועל איהם גיבען — אֲנִי אֶתֵּן לוֹ
צו איהם — לוֹ
פון איהם — מִמֶּנּוּ
פאר איהם — לְפָנָיו; לְמַעֲנוֹ, בִּשְׁבִילוֹ
לאמיר איהם אויך אויסהערן — נִשְׁמְעָה מַה בְּפִיו גַּם הוּא
דאס האב איך געקויפט פאר איהם — זֶה קָנִיתִי בִּשְׁבִילוֹ
אונטער איהם — תַּחְתָּיו
הינטער איהם — אַחֲרָיו
ביי איהם — אֶצְלוֹ
אהן איהם — בִּלְתּוֹ
איהר (ג. ihr) (נסתרת) — לָהּ; שֶׁלָּהּ, ־הּ
איך האב איהר געגיבען — נָתַתִּי לָהּ
איהר בוך — סִפְרָהּ, סֵפֶר שֶׁלָּהּ
ס׳איז איהר דינסט — שִׁפְחָתָהּ הִיא

איהרטוועגען — בִּגְלָלָהּ, בַּעֲבוּרָהּ, בַּעֲדָהּ, בִּשְׁבִילָהּ
איהרינע — שֶׁלָּהּ, לָהּ
די לייט זיינען איהרינע — הָאֲנָשִׁים קְרוֹבִים לָהּ
זי טוט דאס איהריגע — הִיא עוֹשָׂה אֶת שֶׁלָּהּ
איהרם — שֶׁלָּהּ
איהר (נוכחים) — אַתֶּם, אַתֶּן, ־תֶּם, ־תֶּן
איהר האט געשריבען — אַתֶּם כְּתַבְתֶּם, אַתֶּן כְּתַבְתֶּן
איהרע, דריי איהרע — שָׁלֹשׁ נְפָשׁוֹת
איהרצען — דַּבֵּר לְ־ בִּלְשׁוֹן רַבִּים
איז (בינוני מן „זיין״) — הוּא, הִיא
דאס איז — זֶה הוּא, זֶהוּ
עשו — דאס איז אדום — עֵשָׂו הוּא אֱדוֹם
ווי ס׳איז — דְּבָרִים כַּהֲוָיָתָם
דאס איז ער! — הוּא הוּא!
דאס וואס איז — הֹוֶה
דער טיש איז גרויס — הַשֻּׁלְחָן גָּדוֹל
ער איז קלוג — הוּא חָכָם
איזאָלאַטאָר — מַבְדִּיל, מַבְדֵּד
איזאלירען (Isolieren) — הַבְדֵּל בַּדֵּד, הַבְדֵּד
א קראנקען — הַסְגֵּר, הַבְדֵּל
איזאפ (Ysop) — אֵזוֹב
איזוואָזטשיק = קוטשער
איזניוכען זיך (ר. Снюхаться) — הִתְדַּבֵּק בְּ־, הִתְאַהֵב בְּ־
איזראעליט — יִשְׂרְאֵלִי, בֶּן יִשְׂרָאֵל
איזשאַק (ר. Ежъ) — קִפֹּד
איטאליע (מדינה) — אִיטַלְיָה
איטאליעניש — אִיטַלְקִית
איטאליענער — אִיטַלְקִי
איטאַליק (כתב) — אוֹתִיּוֹת מֻטּוֹת, אִיטַלִּיּוֹת
איטליכער (ג. Jeglicher) — כָּל, כָּל אֶחָד
איטליכער מענש — כָּל אִישׁ
איטליכער ווייסט דאס — כֻּלֵּי עַלְמָא יָדַע זֹאת
אִיטער — יִתּוּר
אַיי! (ei!) — הוֹי, אוֹי, הָהּ! אִי!
איי וועל איך דיר גיבען! — הוֹי, אֶנָּקֵם מִמְּךָ!
איי וואס? — וְאִם תֹּאמַר...
ס׳איז ניט איי, איי! — אֵינוֹ לְעֵילָא וּלְעֵילָא
איי איז דאס א שיינעץ! — הוֹי, כַּמָּה שׁוֹבָב זֶה!



איי, איי, וויפיעל מענשען! — הוֹי, הוֹי, כַּמָּה אֲנָשִׁים!
איי ער וויל ניט, מאכט ניט אויס — וְאִם הוּא אֵינוֹ רוֹצֶה, אֵין בְּכַךְ כְּלוּם
איי פאר וואס גיט ער ניט? — וְאִם תִּשְׁאַל: מַדּוּעַ אֵינוֹ נוֹתֵן?
איי האט ער געשפיעלט! — הוֹי, כַּמָּה הִפְלִיא לְנַגֵּן!
איי איז דאך די קשיא — וְאִם תַּקְשֶׁה, וְאִם תֹּאמַר
איי, דו נאר איינער — הוֹי, שׁוֹטֶה שֶׁבָּעוֹלָם
אַיִי (ג. Ei) — בֵּיצָה (בֵּיצִים)
הארט איי — בֵּיצָה שְׁלוּקָה
ווייך איי — בֵּיצָה מְגֻלְגֶּלֶת
רוי איי — בֵּיצָה חַיָּה
א צעשלאגען איי — בֵּיצָה טְרוּפָה
צונעשאגלענע אייער — בֵּיצִים מוּזָרוֹת
ווי מיט א ווייך אייעלע — כְּעִם בֵּיצָה רַכָּה
די אייער זאנען קלוגער פון די היגער — הַגְּדָיִים חֲכָמִים מֵהַתְּיָשִׁים, דְּנָפִיק מִנָּךְ מַלְּפָךְ
אַיִי = הַיִי! — הוֹ! הִזָּהֵר! הִשָּׁמֵר!
אייביג (ג. ewig) — נֶצַח, עוֹלָם; נִצְחִי, קַיָּם, עוֹלָמִית
איך וועל דיר עס אייביג ניט פארגעסען — לְעוֹלָם לֹא אֶשְׁכַּח לְךָ זֹאת
אייביג און אייביג — לְעוֹלָם וָעֶד, לְנֵצַח נְצָחִים
אויף אייביג — לָעַד, לְעוֹלָם, לָנֶצַח, עוֹלָמִית
דער וואס לעבט אייביג — חַי לְעוֹלָם, חַי הָעוֹלָמִים, חַי עָלְמָא
דאס אייביגע לעבען — חַיֵּי עוֹלָם, חַיֵּי נֶצַח
אייביגקייט — נֶצַח, נִצְחִיּוּת
אַיִיבם = אויבם — פֵּרוֹת
אַיִיבער = הויבער (ג. Heber) — מַשְׁאָף, דְּיוֹפִי
אין קארטען — מַלְכָּה, מַטְרוֹנִיתָא
אויב (בלשון המון) — אִם
אייבער דו וועסט דאס טון — אִם תַּעֲשֶׂה זֹאת
אַיִיגען (ג. eigen) — עַצְמִי, קִנְיָנִי; שֶׁלּוֹ, אֲחֻזָּתוֹ
מיין אייגען פינגערל — טַבַּעַת קִנְיָנִי, טַבַּעְתִּי שֶׁלִּי
מיין אייגענער ברודער — אָחִי מִלֵּדָה, מִבֶּטֶן
מיין אייגען פעלד — שְׂדֵה אֲחֻזָּתִי
די אייגענע זאך — אוֹתוֹ הַדָּבָר
מיין אייגען קינד — בֶּן בִּטְנִי, יוֹצֵא חֲלָצַי
דאס אייגענע — הוּא הוּא, הַיְנוּ הַךְ, הוּא הַדִּין
אויך דאס אייגענע! — מֵילָא!

אין דעם אייגענעם טאג — בְּעֶצֶם הַיּוֹם הַזֶּה, אוֹתוֹ יוֹם, בּוֹ בַּיּוֹם
פון דעם אייגענעם — מִזֶּה עַצְמוֹ
ער איז מיט איהם אייגען — הוּא קָרוֹב לוֹ
ביזט דאך מיין אייגען בלוט און פלייש — אַךְ עַצְמִי וּבְשָׂרִי אַתָּה
אייגענארטיג — עַצְמִי, מְיֻחָד בְּמִינוֹ
אייגענהענדיג — בְּעֶצֶם יַד־
אייגענוויליג — עוֹשֶׂה כִּרְצוֹנוֹ, עַקְשָׁן
אייגענטום (ג. Eigentum) — קִנְיָן, רְכוּשׁ, נַחֲלָה, אֲחֻזָּה
אייגענטימליך — עַצְמִי; עִקָּרִי
אייגענטימער — בַּעַל, אָדוֹן
אייגענטליך — בֶּאֱמֶת, אָמְנָם; לִכְאוֹרָה, בְּעֶצֶם
ער איז מיט איהם אייגענטליך — קָרוֹב הוּא לוֹ, עַצְמוֹ וּבְשָׂרוֹ הוּא
אייגענליבע — אַהֲבַת עַצְמוֹ, אַהֲבָה עַצְמִית, אָנֹכִיּוּת
אייגענאָמען — שֵׁם עֶצֶם פְּרָטִי
אייגענוץ — תּוֹעֶלֶת, טוֹבַת עַצְמוֹ
אייגענוציג — דּוֹרֵשׁ טוֹבַת עַצְמוֹ, תּוֹעֶלֶת עַצְמוֹ
אייגענס — קִנְיָן, רְכוּשׁ, אֲחֻזָּה
איך האב מיין אייגענס א שטוב — יֵשׁ לִי קִנְיַן בַּיִת, בֵּית אֲחֻזָּה
אייגענער — קָרוֹב, שְׁאֵר
דער אייגענער — אוֹתוֹ, עַצְמוֹ
דער אייגענער מענש — אוֹתוֹ הָאִישׁ, הָאִישׁ הַזֶּה עַצְמוֹ
דער אייגענער וואס פריהער — אוֹתוֹ שֶׁמִּקֹּדֶם
אין דעם אייגענעם ארט — בְּאוֹתוֹ מָקוֹם
ער איז מיין אייגענער — הוּא קְרוֹבִי, שְׁאֵרִי
אייגענשאפט (ג. Eigenschaft) — מַעֲלָה, תְּכוּנָה סְגֻלָּה, טִיב, מַהוּת
ווארט — תֹּאַר הַשֵּׁם, אֵיכוּת
איידעל (ג. Edel) — עָדִין, רַךְ; נִמּוּסִי, בַּעַל דֶּרֶךְ אֶרֶץ
דין — דַּק
איידעלער געדאנק — רַעְיוֹן דַּק, חַד
איידעלע ארבייט — מַעֲשֶׂה דַק
איידעל גערעדט — בְּלָשׁוֹן נְקִיָּה, לִישָּׁנָא מְעַלְיָא

ס'איז אן אײדעלע זאך — דָּבָר עָדִין, דֶּלִיקַטִי הוּא
מאָגער — כָּחוּשׁ, רָזֶה, דַּק
אן אײדעלער איד — יְהוּדִי לַמְדָן, בֶּן תּוֹרָה, בַּר אוֹרְיָן, צוּרְבָא מֵרַבָּנָן, בֶּן עֲלִיָּה
אײדעל־מאַן — בַּעַל נִמּוּס, מְנֻמָּס, אָצִיל, נָדִיב, יְקַר רוּחַ

אײדעלקײט — נִמּוּס, אֲצִילוּת; דַּקּוּת, עֲדִינוּת

אײדעלשטײן — אֶבֶן יְקָרָה, אֶבֶן טוֹבָה

אײדעם (ג. Eidem) — חָתָן, לוֹקֵחַ בַּת־
א שנור און אן אײדעם זײנען א פאר שדים — חָתָן וְכַלָּה הֵם שְׁנֵי מַלְאֲכֵי חַבָּלָה

אײדער (ג. Eher) — טֶרֶם, בְּטֶרֶם, עַד לֹא, עַד שֶׁלֹּא, לִפְנֵי, קוֹדֶם
אײדער עפּים — בְּטֶרֶם כֹּל, קוֹדֶם כָּל־
אײדער ער איז געקומען — לִפְנֵי בֹּאוֹ
אײדער ער האט באשאפען די וועלט — עַד לֹא עָשָׂה אֶרֶץ
אײדער אזוי איז בעסער גארניט — טוֹב לֹא כְּלוּם מִדָּבָר כָּזֶה

אײ־ווײס (ג. Eiweiss) — חֶלְבּוֹן, לֹבֶן בֵּיצָה

אײוועןאויוועןאײווען=הײוועןאײ־ווײס

אײווען=אויווען

אײווען=הײווען (ג. Hefen) — שְׁמָרִים

אײז (ג. Eis) — קֶרַח, גְּלִיד
אײז־קאלט — קַר כַּקֶּרַח

אײז־באַרג — הַר־קֶרַח

אײזיג — שֶׁל קֶרַח, שֶׁל גְּלִיד, קַרְחִי

אײז־ים — יַם הַקֶּרַח

אײז־ליכטעל — פְּתִיל־קֶרַח

אײז־מאַשין — מְכוֹנַת קֶרַח

אײז־מאַן — מוֹכֵר קֶרַח, סוֹחֵר בְּקֶרַח

אײַזעל=עזעל

אײַזען (ג. Eisen) — בַּרְזֶל
א פרעסעל — מְגָהֵץ, מַגְהֵץ, זְוָרָה
ער איז אן אײזען — קָשֶׁה כְּבַרְזֶל
ער האלט זיך פעסט אײזען — עוֹמֵד מֻצָּק כְּבַרְזֶל
ווי הירזש עסט אײזען — כַּחֲלוּדָה תֹּאכַל בַּרְזֶל
ער שטעהט פאר איהם שטאל און אײזען — מֵגֵן עָלָיו כְּקִיר בַּרְזֶל
ער איז געזונט — אײזען — כֹּחַ אֲבָנִים כֹּחוֹ
נויט ברעכט אײזען — הַהֶכְרֵחַ פּוֹרֵץ גֶּדֶר בַּרְזֶל

אײזענבאהן — מְסִלַּת בַּרְזֶל

אײזען־בלעך — פַּח בַּרְזֶל

אײזען־גיסערײ — בֵּית יְצִקַת בַּרְזֶל

אײזענהענדלער — סוֹחֵר בְּבַרְזֶל, בַּרְזְלָאִי

אײזענוואַרג — כְּלֵי בַּרְזֶל; סְחוֹרַת בַּרְזֶל

אײזענפאבריק — בֵּית חֲרֹשֶׁת בַּרְזֶל

אײזען־קראָם — חָנוּת שֶׁל בַּרְזֶל

אײזערן — שֶׁל בַּרְזֶל, ־בַּרְזֶל, בַּרְזִלִּי
אײזערנע געדולד — סַבְלָנוּת מֻצָּקָה, סַבְלָנוּת שֶׁל בַּרְזֶל
אײזערן הארץ — לֵב אֶבֶן

אײז־פּונקט — נְקֻדַּת קִפָּאוֹן

אײז־קאַסטן — מְקָרֵר, מְקָרְרָה

אײז־קעלער — מַרְתֵּף קֶרַח

אײז־קרעם — גְּלִידָה

אײטעלקײט (ג. Eitelkeit) — הֶבֶל, רִיק, שָׁוְא

אײַטער (ג. Eiter) — מֻגְלָא, לֵחָה
אין אויג — לִפְלוּף

אײַטער (ג. Euter) — עָטִין, כְּחָל

אײַטעריג — מוֹצִיא לֵחָה, מֻגְלָה, זָב מֻגְלָה
אײטעריגע מכה — מַכָּה טְרִיָּה

אײַטערן — רָר, זָב לֵחָה, מֻגְלָה, הִתְמַגֵּל

אײך (ג. euch) — אֶתְכֶם, ־כֶן; לָכֶם, לָכֶן
איך וועל אײך גיבען — אֶתֵּן לָכֶם
איך האב אײך ליעב — אֲנִי אוֹהֵב אֶתְכֶם

אײכע (ג. Eiche) — אַלּוֹן, אֵלָה, אַלָּה

אײכעל (ג. Eichel) — בַּלּוּט, פְּרִי אַלּוֹן
אין קארטען — צְלָב

אײכענבוים=אײכע

אײַל (ג. Elle) — אַמָּה, גֹּמֶד
א גוט אײל — אַמָּה שׂוֹחֶקֶת
קוים אן אײל — אַמָּה עֲצֵבָה
צוויי אײלען — אַמָּתַיִם, שְׁתֵּי אַמּוֹת

אײַל, אויל (ג. Öll) — שֶׁמֶן

אײַל־באַרג — הַר הַזֵּיתִים

אײַל־בוים — זַיִת, עֵץ־שֶׁמֶן

אײַל־בילד — תְּמוּנַת צֶבַע־שֶׁמֶן



אײַלבירט (ג׳ Ölbeere) — זַיִת

אײַלבירט־בוים — אײל־בוים

אײַל־בלאַט — עֲלֵה זַיִת

אײַליג — שַׁמְנִי, שַׁמְנוּנִי ־שֶׁל שֶׁמֶן

אײַליג (ג. Eilig) — אָץ, נֶחְפָּז, נִמְהָר
ת״פ — דָּחוּף, בְּחִפָּזוֹן
די זאך איז אײליג — הַדָּבָר נָחוּץ, דָּחוּף
פון צײהן — קֵהֶה
די צײהן זײנען מיר אײליג — שִׁנַּי קֵהוֹת
אײליגקײט — קֵהוּת; חִפָּזוֹן

אײַל־לאמפּ — מְנוֹרַת שֶׁמֶן

אײַלען זיך — מַהֵר, חָפֹז, הֵחָפֵז, בָּהֹל, אוּץ, עוּשׁ חוּשׁ, הִזְדָּרֵז

אײלענדיג — בִּמְהִירוּת, בְּחִפָּזוֹן, בִּזְרִיזוּת

אײלעניש — חִפָּזוֹן, מְהִירוּת, פְּזִיזוּת, פַּחַז, תְּאוּצָה
וואס פאר א אײלעניש אויף דיר? — מַה לְּךָ כִּי נֶחְפַּזְתָּ?
פון אײלעניש קומט קײן גוטס ניט ארויס — מֵחִפָּזוֹן לֹא תֵּצֵא טוֹבָה

אײַל־פארב — צֶבַע שֶׁמֶן, ־שַׁמְנִי

אײל־פּרעס — בֵּית הַבַּד, מַעֲצֶרֶת

אײַן (ג. Ein) — בְּ, בְּתוֹךְ, בְּקֶרֶב
וואלד אויס וואלד אײן — יָצֹא מִיַּעַר וְהִכָּנֵס אֶל יַעַר, מִיַּעַר אֶל יַעַר
ער ווײסט ניט וואו אײן און וואו אויס — לֹא יֵדַע צֵאת וָבֹא

אײַן (ג. Ein) — אֶחָד, אַחַת
אײן מענש — אִישׁ אֶחָד
אײן פרוי — אִשָּׁה אַחַת
אין אײן העמד — בִּכְתָנְתּוֹ לִבְשָׂרוֹ
אין אײנע יאהרען — בֶּן גִּיל
אײן און אײנציגער — יָחִיד; בֵּן יָחִיד
ער האלט אין אײן שרײען — צוֹעֵק בְּלִי הֶרֶף, בְּלִי חָשָׂךְ
ס'איז ניט געבליבען ביז אײנעם — לֹא נִשְׁאַר עַד אֶחָד

אײן־און־דרײסיג — אֶחָד וּשְׁלוֹשִׁים (משחק ידוע בקלפים)
אויסשפּילן דעם אײן־און־דרײסיג — עָלֹה לְ־, הַצְלֵחַ בְּ־
אן אפענער אײן־און־דרײסיג — עִנְיָן גָּלוּי

אײַנאטעמען — שָׁאֹף אֶל קִרְבּוֹ

אײנאיבען — הַרְגֵּל אֶת־, שַׁנֵּן לְ־, תַּרְגֵּל לְ־
זיך — שַׁנֵּן, הִתְרַגֵּל, הִתְאַמֵּן

אײנאַנד, נאך אײנאַנד — תָּכוּף, רָצוּף

אײַנאנדער — אִישׁ אָחִיו, זֶה אֶת זֶה
אלע מיט אײנאנדער — כֻּלָּם יַחַד
אלעס מיט אײנאנדער — כָּל הַדָּבָר, כָּל־ יַחַד, הַכֹּל בְּיַחַד

אײנאַקטער — בֶּן מַעֲרָכָה אַחַת

אײנארבײטען — סָרֹג בְּ־; עָמֹל
זיך אין א געשעפט — הִסְתַּגֵּל לְ־, הִתְחַנֵּךְ, הִתְרַגֵּל בְּ־, לְ־

אײנארדנען — סַדֵּר, עָרֹךְ
זיך — הִסְתַּדֵּר

אײנארטיג (ג. Einartig) — חַד גּוֹנִי

אײנבאלזאמירען — חָנֹט

אײנבאקען — אָפֹה הֵיטֵב
זיך — הֵאָפֵה דַּיּוֹ, הֵיטֵב
ער איז מיר אײנגעבאקען אין הארצען — חָרוּת עַל לוּחַ לִבִּי

אײנבאָרען — הַכְנֵעַ, נַצֵּחַ, הַפֵּל אֶת־

אײנבויגען — כָּפֹף, הַטֵּה, הָשֵׁחַ, גַּמֵּשׁ
אײנגעבויגען אין דרײען — שָׁח לֶעָפָר
זיך — כָּפֹף עַצְמוֹ, הִכָּפֵף, הִשְׁתּוֹחֵחַ, גָּחֹן

אײנבויען — בָּנֹה בְּתוֹךְ

אײנבויערן — רָצֹעַ, נָקֹב בְּ־
אין אויער — כָּרֹה אֹזֶן לְ־

אײנבונד — כְּרִיכָה

אײנבײגען=אײנבויגען

אײנבײסען — נָשֹׁךְ בְּ־, שִׂים שִׁנָּיו בְּ־

אײנבילדונג — דִּמְיוֹן, הַשְׁלָיָה

אײנבילדונגס־קראפט — כֹּחַ הַדִּמְיוֹן

אײנבילדען — הָבֵא, הַכְנֵס דִּמְיוֹן שָׁוְא בְּקֶרֶב
זיך — דַּמֵּה, הַשְׁלֵה נַפְשׁוֹ, בֹּא דִּמְיוֹן שָׁוְא בְּ־

אײנבינדען — קָשֹׁר, צָרֹר, אָרֹז; צָרֹר בְּ־
ביכער — כָּרֹךְ סְפָרִים

אנקלאָפּאָטשען — הַלְאֵה, הוֹגֵעַ אֶת־
זיך — הַלְאֵה נַפְשׁוֹ, הִתְיַגֵּעַ
אנקלאפּען — דָּפֹק, הַקֵּשׁ עַל־, הִתְדַּפֵּק
צוועקעס — תָּקֹעַ מַסְמְרִים
די ביינער — הַכּוֹת, הַמְטֵר מַהֲלוּמוֹת
ער האט מיר אנגעקלאפּט א קאפּ — הוּא הָלַם, בִּלְבֵּל אֶת מוֹחִי
ווער קלאפּט דאס אין טיר — מִי מַקִּשׁ, דּוֹפֵק עַל הַדֶּלֶת?
אז מע קלאפּט אן עפענט מען — פּוֹתְחִים שַׁעַר לַדּוֹפְקִים
אנקלויפּען = אנטלויפען
אנקלייבען — אָסֹף, קָבֹץ, קַבֵּץ, אָגֹר, צָבֹר
זיך — הֵאָסֵף, הִתְאַסֵּף, הִקָּבֵץ, הִתְלַקֵּט, הִצְטַבֵּר
אנקליידען — לָבֹשׁ, הַלְבֵּשׁ אֶת־
זיך — הִתְלַבֵּשׁ לָבֹשׁ בְּגָדָיו
אנקלייִען — הַדְבֵּק אֶל־, חַבֵּר בְּדֶבֶק אֶת־
אנקלינגען — צַלְצֵל, מָשֹׁךְ בְּפַעֲמוֹן
אנקלעגער = אנקלאגער
אנקלעפּען — הַדְבֵּק, חַבֵּר בְּדֶבֶק, בְּקוֹלָן
זיך — הִדָּבֵק בְּ־, דָּבֹק בְּ־, לְ־
אנקלעקען (ג. Klecksen) — הַכְתֵּם אֶת־, שִׂים, הַעֲלֵה כְתָמִים עַל־
אנקנאַקען — בַּקֵּעַ, פַּצֵּחַ הַרְבֵּה
אנקנייטשען — כָּפֹף, קָמֹט דַּיּוֹ, הַרְבֵּה
אנקניפּען — קָשֹׁר אֶל־, עַל־
זיך — הִקָּשֵׁר אֶל־
אנקנעטען — לוּשׁ הַרְבֵּה
אנקנעפּלען — כַּפְתֵּר, פָּרֹף, רָכֹס לְ־
אנקעגען = אנטקעגען
אנקעהר — יַחַס, שַׁיָּכוּת
אנקעהרונג — שַׁיָּכוּת, הִשְׁתַּיְּכוּת, הִתְיַחֲסוּת
אנקעהרען — טַאטֵא הַרְבֵּה
אנגעהערען — הִתְיַחֵס אֶל־, נָגֹעַ לְ־, הִזָּקֵק לְ־
ער קעהר מיר אן אן איינענער — קָרוֹב הוּא לִי, עַצְמִי וּבְשָׂרִי הוּא
וואס קעהרסטו זיך אן מיט איהם? — מָה הוּא לָךְ?
ס׳קעהר זיך מיט מיר ניט אן — אֵין הַדָּבָר נוֹגֵעַ לִי
וואס קעהר זיך אן בוידעם מיט לאקש? — מַה עִנְיַן שְׁמִטָּה אֵצֶל הַר סִינַי?
וואס קעהר זיך דאס אן דערצו? — מַה שַּׁיָּךְ עִנְיַן זֶה לְכַאן?
זיך אנקעהרען צום מאַן — הִזָּקֵק לְבַעֲלָהּ
ס׳קעהר זיך גוט אן — שַׁיָּךְ שַׁפִּיר
איינס צום צווייטען קער זיך ניט אן — אֵין שׁוּם יַחַס הָאֶחָד לַשֵּׁנִי
אנקעטע (צ. Enquête) — מִשְׁאָל, אַנְקֵיטָה
אָנקעל (ג. Onkel) — דּוֹד
אַנקער (ג. Anker) — עֹגֶן, הֹגֶן
זיינער — אַנְקוֹר, שְׁעוֹן עֹגֶן
אַנקערן — הוֹרֵד הָעֹגֶן, עַגֵּן
אנקראָכמאלען — שָׂרֹה בַּעֲמִילָן, עַמֵּל
אנקראצען — גָּרֵד לְמַדַּי
אנקריגען — הַשֵּׂג לְמַדַּי
זיך — רִיב דַּיּוֹ
אנקריכען — זָחֹל אֶל־
אנראבעווען — חָמֹס, בָּזֹז, גָּזֹל, לַסְטֵם, שָׁלֹל, אָסֹף בְּעֹשֶׁק
אנראָסטען (ג. Anrosten) — עָלֹה חֲלוּדָה עַל־
אנרויבען = אנראבעווען
אנרויכערן — מַלֵּא עָשָׁן אֶת־, הַעֲשֵׁן הַרְבֵּה
זיך — עַשֵּׁן הַרְבֵּה
אנרופען — קָרֹא שֵׁם, קָרֹא, כַּנֵּה
זיך — הִקָּרֵא; עָנֹה
ער האט איהם אנגערופען ביים נאמען — קְרָאוֹ בִשְׁמוֹ
ער האט אנגערופען א סך מענשען — הִזְמִין הַרְבֵּה אֲנָשִׁים
ווי רופסטו זיך אן? — מַה שְּׁמֶךָ?
האט ער זיך אנגערופען — עָנָה הוּא
דאס שלאפקייט האט זיך אנגערופען — הַמַּחֲלָה חָזְרָה, נֵעוֹרָה
אנרוקען (דאס היטעל) — הוֹרֵד הַמִּצְנֶפֶת (עַל פָּנָיו)
ס׳האט זיך אנגערוקט א כמארע — עָלוּ עָבִים, נִתְקַשְּׁרוּ הַשָּׁמַיִם בְּעָבִים
אנריהמען — הַלֵּל, שַׁבֵּחַ, קַלֵּס הַרְבֵּה
אנריהרען — נָגֹעַ בְּ־
דעם כבוד — נָגֹעַ, פָּגֹעַ בִּכְבוֹד־



ניט אנריהרענדיג זיין כבוד — מִבְּלִי פְּגוֹעַ בִּכְבוֹדוֹ, כְּבוֹדוֹ בִּמְקוֹמוֹ מֻנָּח
ער האט ליעב אנריהרען — דַּרְכּוֹ לִנְגֹּעַ בְּשֶׁל חֲבֵרוֹ (לגנוב)
אנרייבען — חַכֵּךְ, שׁוּף, שַׁפְשֵׁף
א שוועבעלע — הַדְלֵק, הַצֵּת גַּפְרוּר
כריין — גָּרֵד חֲזֶרֶת
א מארדע — מַלֵּא פְּנֵי־ קָלוֹן, שָׁפֹךְ קִתּוֹן שֶׁל בּוּז עַל פְּנֵי־
די זייטען — דּוּשׁ בְּשַׂר־
אנרייד — הֲסָתָה; קְנוּנְיָה
אנריידען = אנרעדען
אנרייַטען — בֹּא רָכוּב, רָכֹב וּבֹא
אנרייַסען — קָרֹעַ מְעַט, הָחֵל לִקְרוֹעַ בְּ־
א סך — קָרֹעַ הַרְבֵּה; תָּלֹשׁ, קָטֹף הַרְבֵּה
פרוכטען — תָּלֹשׁ, קָטֹף, בָּצֹר, לָקֹט
א בלאטער — פָּרֹחַ מֻרְסָה
אנרייצען — שַׁסֵּה, גָּרֵה בְּ־; סַכְסֵךְ, הָסֵת
אנרינען — זוֹב, נָזֹל אֶל־
אנריסיווען — צַיֵּר, רָשֹׁם
אנרעגענען — הַמְטֵר; יָרֹד גֶּשֶׁם עַל־
אנרעד — אנרייד
אנרעדען א סך — דַּבֵּר הַרְבֵּה, הַכְבֵּר מִלִּים, הַעְתֵּר דְּבָרִים
אויף עמיצען — דַּבֵּר בְּ־
רכילות — הָלֹךְ רָכִיל בְּ־, הַלְשֵׁן, הוֹצֵא דִבָּה עַל־
עמיצען — הָסֵת אֶת־
זיך ווי א פויק — דַּבֵּר עַד צְבוֹת בֶּטֶן
זיי האבען זיך אנגערעדט — קְנוּנְיָה עָשׂוּ בֵינֵיהֶם
אנרעדער — מֵסִית
אנרעכענען — חָשֹׁב, הָבֵא, הַעֲלֵה בְּחֶשְׁבּוֹן
צורעכענען — הוֹסֵף עַל הַחֶשְׁבּוֹן
אנשאבען — גָּרֹד, גָּרֵד
קארטאפעל — קָלֹף, קַלֵּף תַּפּוּחֵי־אֲדָמָה
אנשאטקעווען = שאַטקעווען
אנשאַפען — הָבֵא, הַסְפֵּק, הַמְצֵא
אנשארען — צָבֹר, אָסֹף, גַּבֵּב
אנשארפען — חַדֵּד, הַשְׁחֵז, לָטֹשׁ
אנשווארצען — הַשְׁחֵר
אנשוואלען = אנשוועלען
אנשוואמען — הִמָּלֵא, הִסָּפֵג מַיִם, נָפֹחַ
אנשווימונג — מַה שֶּׁהֵבִיא הַשֶּׁטֶף, הַגַּל
אנשווימען — שׁוּט, שָׂחֹה וּבֹא אֶל־
אנשווינדלען — הוֹנוֹת, רַמֵּה הַרְבֵּה
אנשוויצען — הָזֵעַ
אנשוועלען — צָבֹה, בָּצֹק, תָּפֹחַ, הִתָּפֵחַ
אנשויאונג (Anchauung) — הִסְתַּכְּלוּת, הִתְבּוֹנְנוּת
אנשויען — הַבֵּט, הִסְתַּכֵּל, הִתְבּוֹנֵן
אנשוכען — נָעֹל, הַנְעֵל
דאס — נְעִילָה, הַנְעָלָה
אנשולדיגען זיך — הַרְבֵּה חוֹבוֹתָיו
אנשושקען — לָחֹשׁ בְּאָזְנֵי
אנשטאַט (ג. Anstatt) — תַּחַת, בִּמְקוֹם, חֵלֶף, תְּמוּרַת
אַנשטאלט (ג. Anstalt) — מוֹסָד, מָכוֹן
פאר ארימע לייט — מִקְלָט, מַחְסֶה לַעֲנִיִּים
אנשטאָלען — צַפֵּה פֶּלֶד, אִסְטָמָה אֶת־, חַסֵּם, פַּלֵּד אֶת־
אנשטאָפּען — פַּטֵּם, מַלֵּא, כָּפֹשׁ, הַגְדֵּשׁ, הַלְעֵט
דעם מאגען — מַלֵּא קֵבָתוֹ
די מאס — הַגְדֵּשׁ הַסְּאָה
מיט תורה — סָפֹה לְ־ כְּתוֹרָא
אנגעשטאפּט מיט געלט — מָלֵא, כָּפוּשׁ כֶּסֶף
מיט יאהרען — מְלֵא יָמִים
מיט תורה — צַנָּא דְמָלֵא סִפְרֵי
אנשטויבען — מַלֵּא אָבָק, אַבֵּק
אנשטויסען — נָגֹף, דָּחֹף, פָּגֹעַ בְּ־
זיין אנגעשטויסען אויף עמיצען — הָיֹה בְלִבּוֹ עַל־
זיך — הִנָּגֵף הִתָּקֵל בְּ־; מָצֹא
ער האט זיך אנגעשטויסען — מָצָא כַּוָּנַת־
אנשטופּען = אנשטאפּען
אנשטיקעווען — טַלֵּא, חַבֵּר טְלָאִי לְ־
אנשטייַפען — הַקְשֵׁה, עָשֹׂה קָשֶׁה
אנשטינקען — הַבְאֵשׁ, הַסְרֵחַ, מַלֵּא בָאֳשָׁה אֶת־
אנשטיפען זיך — הִתְהוֹלֵל, הִשְׁתּוֹבֵב
אנשטעהן = צושטעהן — הַפְצֵר בְּ־
ס׳שטעהט מיר ניט אן — אֵינוֹ לְפִי כְבוֹדִי

ס׳מעג דיר אנשטעהן — זֶה לֹא יִפְגַּע בִּכְבוֹדְךָ
ס׳שטעהט ניט אן דיין טאטען קיין כבוד? — הַאִם אֵינוֹ לְפִי כְּבוֹד אָבִיךָ?
איהם שטעהט אלסדינג אן — אֵין דָּבָר שֶׁאֵינוֹ לְפִי כְבוֹדוֹ
זיך — עָמֹד זְמָן רָב

אנשטעכען — עָשֹׂה נְקָבִים, דָּקֹר, עָשֹׂה דְקִירוֹת
צושטעכען — חַבֵּר, דַּבֵּק בְּמַחַט אֶל־

אנשטעל — אֲמַתְלָא, בְּדוּתָה; פָּנִים, הַעֲמָדַת פָּנִים
ס׳איז אן אנשטעל! — אֲמַתְלָא הִיא
ער מאכט אנשטעלען — מַעֲמִיד פָּנִים כְּאִלּוּ...

אנשטעלען — הַעֲמֵד, הַצֵּג הַרְבֵּה
דעם זייגער — כּוֹנֵן הַשָּׁעוֹן
א פאר אויגען — נָעֹץ בְּ־ זוּג עֵינַיִם, זָקֹף עֵינָיו
מויל און אויערען — הַטֵּה אֹזֶן וּפָתֹחַ פֶּה, הֱהָפֵךְ כֻּלּוֹ שְׁמִיעָה
א פידעל — כּוֹנֵן כִּנּוֹר
אויף א שטעלע — הַפְקֵד, מַנֵּה
זיך פאר א נגיד — הִתְעַשֵּׁר, הַרְאֵה עַצְמוֹ כְעָשִׁיר

אנשטעלער — לֵצָן, גַּחְכָן, מוּקְיוֹן

אנשטעמפלען — חָתֹם, שִׂים חוֹתָמוֹת הַרְבֵּה

אנשטענדיג — הָגוּן, מְהֻגָּן, יָשָׁר, נִכְבָּד, יָאֶה
אנשטענדיגער מאן — אִישׁ הָגוּן, אָדָם הָגוּן
פרוי — הֲגוּנָה, כְּבוּדָה
ס׳איז מיר ניט אנשטענדיג — לֹא יָאֶה לִי, אֵינוֹ לְפִי כְבוֹדִי

אנשטענדיגקייט — הֹגֶן, יָאוּת

אנשטעקונג — הִתְדַּבְּקוּת, הַדְבָּקַת מַחֲלָה

אנשטעקען — תָּחֹב, תָּקֹעַ בְּ־
די שיך — נָעֹל
זאראַזען — הַדְבֵּק מַחֲלָתוֹ בְּ־
זיך — הִדָּבֵק מַחֲלָה בְּ־

אנשטעקענד — מִתְדַּבֵּק
אנשטעקענדע קריינק — מַחֲלָה מִתְדַּבֶּקֶת, מְהַלֶּכֶת

אנשטראפען — יַסֵּר, הוֹכֵחַ אֶת־

אנשטריקען — טָרֹס, צָנֹר הַרְבֵּה

אנשטרענגונג (ג. Anstrengung) — הִתְאַמְּצוּת, מַאֲמָץ, הִתְעַצְּמוּת, מַאֲמַצֵּי כֹחַ, אֹמֶץ כֹּחַ

אנשטרענגען — אַמֵּץ כֹּחוֹ
זיך — הִתְאַמֵּץ, הִתְעַצֵּם

אנשטשיפען = אנקנייפען

אנשטשערבען — פָּגֹם

אנשיטען — שָׁפֹךְ בְּ־, מַלֵּא אֶת־
זאמד — שָׁפֹךְ, פַּזֵּר חוֹל עַל־
בעטגעוואנט — מַלֵּא כָּרִים נוֹצוֹת
ווען ער שיט מיר אן דיי שטוב מיט גאלד — לוּ יִתֶּן לִי מְלֹא בֵיתוֹ זָהָב
עופות — הַלְעֵט לְתַרְנְגוֹלִים
זיך — הִשָּׁפֵךְ, הִצָּבֵר

אנשיילען — קָלֹף, קַלֵּף הַרְבֵּה

אנשיכורן = אנשכורן

אנשיכען = אנשוכען

אנשילטען = אנשעלטען

אנשימלען — הָחֵל לַעֲלוֹת קוֹמְנִית, לְהִתְעַפֵּשׁ, לַעֲבֹשׁ

אנשיקען — שַׁלֵּחַ, הַשְׁלֵחַ בְּ־
א סך — שָׁלֹחַ הַרְבֵּה
איך וועל דיר אנשיקען דעם געמיש — הִנְנִי מַשְׁלִיחַ בְּךָ אֶת הֶעָרֹב

אנשיקעניש — מִשְׁלַחַת, פֶּגַע רָע

אנשכר׳ן — שַׁכֵּר, הַשְׁכֵּר אֶת־
זיך — שָׁכֹר, הִשְׁתַּכֵּר, שָׁתֹה לְשָׁכְרָה

אָנשלאָג — הַכָּאָה, דְּפִיקָה; הַצָּעָה

אנשלאגען — הַכּוֹת הַרְבֵּה, הַרְבּוֹת מַכּוֹת
צוועקעס — תָּקֹעַ מַסְמְרִים, מַסְמְרוֹת בְּ־
א פעסעל — הַדֵּק חָבִית, חַשֵּׁק חָבִית, נָתֹן קִשּׁוּרִים עַל חָבִית
צו עמיצען — פָּנֹה לְ־
ער קאן אנשלאגען אפילו צום קיסר — אַף לִפְנֵי מְלָכִים יִתְיַצֵּב
אן אויוועז — תַּקֵּן, סָלֹל תַּנּוּר
פאָרלייגען — הַצֵּעַ לְ־
א שדוך — הַצֵּעַ שִׁדּוּךְ לְ־
זיך — הִתָּקֵל בְּ־; הִדָּרֵשׁ לְ־
זיך מיט זיין סחורה — הַצֵּעַ סְחוֹרָתוֹ לִפְנֵי־
ס׳שלאגען זיך אן צו מיר שדוכים — מַצִּיעִים לִי שִׁדּוּכִים
איך האב זיך אנגעשלאגען צו אזעלכע וואס האבען מיך ניט געבעטען — נִדְרַשְׁתִּי לְלֹא שְׁאָלוּנִי

אנשלאכטען — שָׁחֹט, טָבֹחַ, זָבֹחַ הַרְבֵּה

אָנשלאָפען זיך — יָשֹׁן דַּיּוֹ



אַנשלאפען ווערען — הֵרָדֵם, יָשֹׁן

אנשליידערן — הַשְׁלֵךְ, זָרֹק הַרְבֵּה אֶל־, עַל־

אנשלײַפען — פָּרֹף, רָכֹס

אנשלײַפען — הַשְׁחֵז, חַדֵּד

אנשליסען — דַּבֵּק, חַבֵּר, קַשֵּׁר, סַפֵּחַ
זיך — דָּבֹק, הִתְדַּבֵּק עִם־, הִסָּפֵחַ, הִתְחַבֵּר אֶל־

אנשלעפען — סָחֹב וְהָבֵא לָרֹב

אנשמידען — חָרֹשׁ, חָשֹׁל עַל־
געלט — טָבֹעַ, הַטְבֵּעַ

אנשמייסען — הַלְקוֹת, יַסֵּר בְּשׁוֹטִים, בִּשְׁבָטִים אֶת־

אנשמירען — מָרֹחַ, מָשֹׁחַ

אנשמעלצען — נַטֵּף חֵלֶב, שׁוּמָן עַל־

אנשמעקען — הָרֵחַ
געוואר ווערען — תָּהֹה עַל קַנְקַן־
זיך — הָרֵחַ הַרְבֵּה
זיך אפלערנען — לָמֹד מִ־, קַבֵּל רֵיחַ מִ־
ער האט זיך אנגעשמעקט מיט אפיקורסות — רֵיחַ אַפִּיקוֹרְסוּת נוֹדֵף מִמֶּנּוּ

אנשניידען — חָתֹךְ, גָּזֹר לָרֹב
תבואה — קָצֹר
אביסעל — חָתֹךְ מְעַט, הָחֵל לַחֲתוֹךְ

אנשנײַען — הַשְׁלֵג, יָרֹד שֶׁלֶג רַב
ס׳האט אנגעשנייט — יָרַד, נִצְבַּר הַרְבֵּה שֶׁלֶג

אנשנײַיצען — הוֹרֵד, פַּזֵּר רִיר אַף, לַכְלֵךְ, מַלֵּא בְּרִיר אַף

אנשניצען — חָתֹךְ, גָּזֹר לָרֹב

אנשנירעווען — אָרֹז, חָרֹז, חָבֹשׁ

אנשעטקעווען = אנשאטקעווען

אנשעלטען — קַלֵּל הַרְבֵּה, הַמְטֵר קְלָלוֹת עַל־

אנשעפען — שָׁאֹב, דָּלֹה (מים)
לופט — שָׁאֹף רוּחַ

אנשערען — גָּזֹז

אנשפאלטען — בָּקֹעַ, בַּקֵּעַ, סָדֹק מְעַט
האלץ — בַּקֵּעַ עֵצִים
זיך — הָחֵל לְהִתְבַּקֵּעַ

אנשפאנען (דעם בויגען) — דָּרֹךְ קֶשֶׁת
די כחות — אָזֹר, אַמֵּץ כֹּחוֹתָיו

אנשפאסען — הָתֵל, בַּדֵּחַ, שַׂחֵק

אנשפאר — מִשְׁעָן, סְמִיכָה, אַסְמַכְתָּא

אנשפארונג = אנשפאר

אנשפאַרען — סָמֹךְ, תָּמֹךְ
וואס האט דיר אנגעשפארט? — מַה יַּמְרִיצְךָ?
ער שפארט אן ווייט — הוּא נִמְצָא רָחוֹק מִזֶּה
ער קען אנשפארען אפילו צום קיסר — גַּם לִפְנֵי מְלָכִים יִתְיַצֵּב
זיך — הִסָּמֵךְ, הִתָּמֵךְ, הִשָּׁעֵן עַל־, הִסְתַּמֵּךְ עַל־
מע קען זיך אויף איהם אנשפארען — יְכוֹלִים לִסְמוֹךְ עָלָיו

אנשפארעניש = אנשפאר

אנשפוליען — כָּרֹךְ עַל סְלִיל

אנשפיגעווען — אנשפיקעווען

אנשפיגלען זיך — הִסְתַּכֵּל בְּמַרְאָה הַרְבֵּה

אנשפייען — יָרֹק עַל־, בְּ־, רָקֹק־
אין פנים — יָרֹק בִּפְנֵי

אנשפיליען (ר. Шпилить) — חַבֵּר, דַּבֵּק בְּסִיךְ, בְּסִכָּה, בִּפְרִיפָה

אנשפינען — טָוֹה הַרְבֵּה

אנשפילען זיך — שָׂחֹק, הִשְׁתַּעֲשֵׁעַ לְמַדַּי
מוזיק — נַגֵּן לְמַדַּי

אנשפילקעווען = אנשפיליען

אנשפיצען (די אויערן) — הַטֵּה אֹזֶן, חַדֵּד אָזְנָיו

אנשפיקעווען (ג. Spicken) — סַנֵּק, מַלֵּא הַרְבֵּה

אנשפריינקלען = אנשפריצען

אנשפרינגען — רָקֹד, קָפֹץ וָבֹא

אנשפריצען — הַזֵּה, זַלֵּחַ עַל־, סָבִיב

אנשרויפען — חַבֵּר בְּבֹרֶג, שִׂים בֹּרֶג בְּ־ ,בָּרֹג

אנשרייבען — כָּתֹב עַל־, בְּ־
א בריף — כָּתֹב מִכְתָּב
אויפ׳ן חשבון פון — זָקֹף עַל חֶשְׁבּוֹן

אנשרייען — גָּעֹר בְּ־
זיך — צָעֹק הַרְבֵּה

אנשרעקען — הַבְעֵת, הַפְחֵד, אַיֵּם, יָרֵא אֶת־

אָסאָבע (ר. Особа) — גַּבְרָא, בַּעַל גּוּף, בַּעַל בָּשָׂר

אַסאָרטירען — הַפְרֵד לְמִינֵהוּ, מַיֵּן

אִסּוּר — פארבאט

אָסוּר = פארבאטען
אָסוּר חֲזִיר = טריף ווי חזיר
אָסוּר לְרַחֵם = מע טאָר קיין רחמנות ניט האבען
אסור אויב איך וויים — נִשְׁבָּע אֲנִי בְּחֵרֶם אִם יוֹדֵעַ אֲנִי, יָבֹא עָלַי אִם־
חברה אסור לרחם = פארשייטע חברה

אָסט (נ. Ost) — מִזְרָח, קֶדֶם
אַסטמע (Asthma) -- אַסְתְּמָה, קַצֶּרֶת
אָסטראָג (ר. Острогъ) — בֵּית אֲסוּרִים, כֶּלֶא, סֹהַר
אַסטראָלאָג (Astrolog) — אִצְטַגְנִין, הוֹבֵר שָׁמַיִם, חוֹזֶה בַּכּוֹכָבִים, אַסְטְרוֹלוֹג
אַסטראלאגיע — אִצְטַגְנִינוּת, חָכְמַת הַמַּזָּלוֹת, אַסְטְרוֹלוֹגְיָה
אַסטראָנאם (Astronom) — תּוֹכֵן, אַסְטְרוֹנוֹם
אסטראנאמיע — אַסְטְרוֹנוֹמְיָה, תְּכוּנָה, חֵקֶר הַכּוֹכָבִים
אסיגנאַציע (Assignation) — שְׁטַר כֶּסֶף, שְׁטַר מְדִינָה
אסיגנירען — יָעֹד, פָּסֹק כֶּסֶף לְ־, הַקְצֵב־
אסימילאטאר (Assimilateur) — מִתְבּוֹלֵל
אסימילאציע — הִתְבּוֹלְלוּת, טְמִיעָה
אסימילירען זיך — הִתְבּוֹלֵל, הִטָּמֵעַ
אסיסטענט (Assistant) — עוֹזֵר, סְגָן
אָסיען = הערבסטט
אֲסִיפָה = פארזאמלונג
אָסנאָוואַניע (ר. Основаніе) — יְסוֹד
אָסנאָווע (ר. Основа) — שְׁתִי
אַסעסאָר (Assessor) — דַּיָּן, אַסֵּסָר
אסעקוראנץ (Assekuranz) — אַחֲרָיוּת, הַבְטָחָה בְּאַחֲרָיוּת
פייער־אסעקוראנץ — אַחֲרָיוּת מֵאֵשׁ, מִשְׂרֵפָה
אסעקורירען — הַבְטֵחַ בְּאַחֲרָיוּת
זיך — הַבְטֵחַ עַצְמוֹ
אספאלטירען — כַּסֵּה חֵמָר, רַצֵּף בְּחֵמָר, חָמֹר, אַסְפֵּלְט
אספאלט (Asphalt) — חֵמָר, אַסְפַלְט
אַסקעט — נָזִיר, סַגְפָן, פָּרוּשׁ, צַיְמָן
אִסְרוּ־חַג — הַיּוֹם הָרִאשׁוֹן שֶׁאַחַר הָרֶגֶל
אספיראציע (Aspiration) — שְׁאִיפָה
אַסר'ן — אָסֹר

אֶסְתֵּר־תַּעֲנִית = תַּעֲנִית־אֶסְתֵּר — הצום של ערב פורים
געדויערן פון א"ת ביז פורים — הִתְקַיֵּם מֵאֶ"תַ עַד פּוּרִים, דָּבָר שֶׁאֵין בּוֹ מַמָּשׁ, שֶׁלֹּא יוּכַל לְהִתְקַיֵּם הַרְבֵּה
אעראדראם (Aérodrome) — שְׂדֵה הַטַּיִס, תַּחֲנַת הָאֲוִירוֹנִים
אַעראָפלאַן (Aéroplane) — אֲוִירוֹן
אף = אפע (ג. Affe) — קוֹף
אָפּ (ג. Ab) — מתחבר עם כמה מלים ויש לו מובנים שונים לפי הענין
איף און אפ געהן — עָבֹר וָשׁוֹב
אַפּאָגיי (Apogée) — שִׂיא, שִׂיאוֹן
אָפּאָזיציע (Opposition) — צַד שֶׁכְּנֶגֶד, הִתְנַגְּדוּת, אוֹפּוֹזִיצְיָה
אַפּאַטיע (Apathie) — אֲדִישׁוּת, אַפַּתְיָה
אפאטיש — אָדִישׁ ת"פ — בַּאֲדִישׁוּת
אָפּאטעמען — שָׁאֹף רוּחַ, הָשֵׁב רוּחַ
ער לאזט מיך ניט אפאטעמען — לֹא יִתְּנֵנִי הָשֵׁב רוּחִי
אַפּאָטראָפּעס — אַפּוֹטְרוֹפּוֹס
אָפּאָנענט (Opponent) — בַּר פְּלוּגְתָּא, מִתְנַגֵּד
אָפּאַל (Opale) — לֶשֶׁם
אַפּאָסטאָל (Apostol) — שָׁלִיחַ, אַפּוֹסְטוֹל
אַפּאָסטראָף (Apostrophe) — קֹץ, תַּג, אַפּוֹסְטְרוֹף
אפּאַסנע = געפעהרליך
אַפּאָפּלעקציע (Apoplexie) — שָׁבָץ, שִׁתּוּק, שַׁתֶּקֶת
באקומען — אָחֹז אֶת־ שָׁבָץ, שִׁתּוּק
אפּאַקערן — גָּמֹר, כַּלֵּה לַחֲרוֹשׁ
אַפּאָקריפען (Apokryphen) — כְּתוּבִים אַחֲרוֹנִים, סְפָרִים חִיצוֹנִים, אַפּוֹקְרִיפִים
אַפּאַראַט (Apparat) — מוּכָנִי, מַנְגָּנוֹן, תַּכְשִׁיר, אַפָּרַט
אָפּארבייטען — גָּמֹר לַעֲבֹד
פאר א חוב — עָבֹד בְּחוֹבוֹ, שַׁלֵּם חוֹב בַּעֲבוֹדָה
אַפּאַרט (Apart) — לְבַדּוֹ, בִּפְנֵי עַצְמוֹ, לְחוּד, חוּץ
אַפּאָריזם (Aphorisme) — פִּתְגָּם, מִכְתָּם
אפּבאדען — רָחֹץ אֶת־
זיך — רָחֹץ, הִתְרַחֵץ; גָּמֹר לִרְחֹץ
אפּבאָוועז — אפבויען



אפּבאסעווען — חָרֹץ, גָּמֹר בְּנַפְשׁוֹ
אפּבאַקען — אָפֹה, גָּמֹר לֶאֱפוֹת
אן ארבייט — עָשֹׂה בְּחָפְזָה
א ליגען — קָפֹץ וְכָזֹב
אפּבאַרען — בַּלֵּה; רַמֵּה, הוֹלֵךְ שׁוֹלֵל אֶת־
אפּבארשטען = אפבערשטען
אפּבוימלען — מָשֹׁחַ בְּשֶׁמֶן אֶת־; גָּמֹר לִמְשׁוֹחַ
אפּבויען — גָּמֹר לִבְנוֹת, בְּנֹה כָּל־
אפּבויערן — גָּמֹר לִקְדֹּחַ, לִרְצֹעַ
אפּבידעווען — סָבֹל, הִתְעַנֵּה
אפּביטען = אפבעטען
אפּבייגען — הַזְקֵף, יַשֵּׁר, זָקֹף הַכָּפוּף
א זוים — כָּפֹף, כָּפֹל שָׂפָה
אפּבייטען זיך — בַּטֵּל, הַחֲזֵר הַחֲלִיפִין
אפּבייסען — נָשֹׁךְ מִ־, נָגֹס מִ־
בייס זיך אפ דעם צונג — עַפְרָא לְפוּמָךְ, תִּשְׁקַע לְשׁוֹנְךָ
אפּבילען — פָּסֹק לִנְבֹּחַ
אפּבינדען — הַתֵּר, פַּתֵּחַ קֶשֶׁר
אפּביקען זיך — עָמֹד מֵהִשְׁתַּחֲווֹת
אפּבלאָווען — כָּחֹל, כַּחֵל אֶת־
אפּבלאָזען — הַשֵּׁב, הַפֵּחַ מֵעַל־
שופר — גָּמֹר לִתְקֹעַ בַּשּׁוֹפָר
אפּבלאַטען — גָּמֹר עִם־, חָרֹץ, עָשֹׂה קְנוּנְיָה עִם־
אפּבלוטיגען — אַבֵּד דָּמוֹ
אפּבלויען = אפבלאָווען
אפּבליאקעווען (ר. Блякнуть) — חָוֹר, כָּהֹה, דָּהֹה, הִדָּהֵה
אפּבליהען — הַשֵּׁר נִצָּה, תֹּם פֶּרַח
אפּבליצען — תֹּם הַבְּרָקִים, חָדֹל לְהַבְרֵק, מִבְּרֹק
אפּבעטען — בַּקֵּשׁ וְהַשֵּׂג
זיך — בַּקֵּשׁ וְהַשֵּׂג, הִשָּׁאֵל מִ־ (ש"א כ' 28)
אפּבעָטען = אפשמועסען — גָּמֹר עִם־, בֹּא לִידֵי הַסְכָּמָה עִם־
ביי זיך — הַחְלֵט, גָּמֹר בְּנַפְשׁוֹ
אפּבענשען — גָּמֹר לְבָרֵךְ
איך האב שוין אפגעבענשט — כְּבָר בֵּרַכְתִּי
אפּבערשטלען — נַקֵּה בְּמִבְרֶשֶׁת, בְּמִשְׂעֶרֶת

אפּבראָטען — צָלֹה, גָּמֹר לִצְלוֹת
אפּבראָקען — גָּמֹר לִפְתּוֹת, לִפְרוֹר
אפּברודען — טַנֵּף, לַכְלֵךְ
אפּברוינען — חוֹמֵם, עָשֹׂה חוּם אֶת־
אפּבריהען — כָּוֹה, כַּוֵּה, הַכְוֵה, צָרֹב אֶת־
מילך — בַּשֵּׁל, רַתֵּחַ חָלָב
זיך — הִכָּוֵה, הִצָּרֵב
איך האב זיך אפגעבריהט די הענט — נִכְוֵיתִי בְּיָדִי, נִכְוְתָה, נִצְרְבָה יָדִי
אז מען בריהט זיך אפ אויפ'ן הייסען בלאזט מען אויפ'ן קאלטען — הַנִּכְוֶה בְּרוֹתְחִים מִתְיָרֵא מִן הַצּוֹנְנִים, מַאן דְּנָכִית לֵיהּ חִוְיָא חֶבֶל מַדְחִיל לֵיהּ (מדרש שמואל כ"ג)
אפּבריינגען — הָשֵׁב, הַחֲזֵר, הָבֵא בַּחֲזָרָה
אפּבריסקען = אפפריסקען
אפּבריקירען — רָצֹף, רַצֵּף כָּל־
אפּברעכען — שָׁבֹר, שַׁבֵּר מִ־
ברויט — פָּרֹס, בָּצֹעַ
א געשעפט — חָדֹל, הַפְסֵק
מייקענען — קִיא, הָקֵא
אפּברענען — שָׂרֹף חֵלֶק מִ־; הִשָּׂרֵף
די שטוב האט אפגעברענט — הַבַּיִת נִשְׂרַף
ס'האט שוין אפגעברענט — כְּבָר פָּסְקָה הַשְּׂרֵפָה
אפּברעקלען — פָּרֹר, פָּרֹךְ, פָּתֹת, גָּמֹם מִ־
זיך — הִפָּתֵת, הִפָּרֵךְ, הִתְפּוֹרֵר, הִגָּמֵם מִ־
אָפּגאָט (ג. Abgott) — אֱלִיל
אפּגאָלען — גַּלֵּחַ כָּל־, גָּמֹר לְגַלֵּחַ
זיך — הִתְגַּלֵּחַ
אפּגאנג (ג. Abgang) — הֲלִיכָה, נְסִיעָה מִ־
פון וואסער — מוֹרַד מַיִם
אפטריט — בֵּית־כִּסֵּא, בֵּית־כָּבוֹד, מַחֲרָאָה
די סחורה האט א גוטען אפגאנג — זְבוּנָהּ שֶׁל הַסְּחוֹרָה חָרִיף, הַסְּחוֹרָה נִמְכֶּרֶת יָפֶה
אפּגאָס = אפגוס
אפּגארטלען — פַּתֵּחַ הַחֲגוֹרָה, הַתֵּר הָאֵזוֹר
זיך — פַּתֵּחַ חֲגוֹרָתוֹ, הַתֵּר אֵזוֹרוֹ
אפּגוס (ג. Abguss) — יְצִיקָה, הַתָּכָה; שֶׁפֶךְ, שׁוֹפְכִין
ער איז איין אפגוס — רָטֹב כֻּלּוֹ
די גאנז איז איין אפגוס — הָאַוָּז כֻּלּוֹ שֶׁמֶן

**אפגט׳ן** — גָּרֵשׁ, שַׁלֵּחַ אֶת־, נָתֹן גֵּט לְ־
זיך — הִתְגָּרֵשׁ

**אפגיבען** — הָשֵׁב, הַחֲזֵר, מָסֹר, נָתֹן בַּחֲזָרָה
כבוד — חָלֹק כָּבוֹד לְ־
טשעסט — הַצְדֵּעַ
עקזאמען — עָמֹד לִבְחִינָה
גיב מיר אפ מיין געלט — הָשֵׁב לִי כַּסְפִּי
חשבון — הַרְאֵה חֶשְׁבּוֹן
א חוב — שַׁלֵּם, פָּרֹעַ חוֹב, סַלֵּק חוֹב
א שבח — נָתֹן שֶׁבַח לְ־
שלום — נָתֹן שָׁלוֹם לְ־
פאר א סאלדאט — מָסֹר אֶת־ לַצָּבָא
אין חדר — הַכְנֵס אֶת־ לְבֵית הַסֵּפֶר, מָסֹר לִמְלַמֵּד
ער לייהט און גיט ניט אפ — לֹוֶה וְאֵינוֹ מְשַׁלֵּם
קאנצערט — זַמֵּר, נַגֵּן לִפְנֵי קָהָל, נָתֹן קוֹנְצֶרְט
זיך צו עפים — הִתְמַכֵּר לְ־
זיך מיט עפעם — פַּנֵּה לִבּוֹ לְ־, הִטַּפֵּל בְּ־
זיך מיט עמיצען — טַפֵּל, הִטַּפֵּל בְּ־, הִתְגַּלְגֵּל עִם־
ער גיט זיך אפ מיט פוסטע זאכען — מְפַנֶּה לִבּוֹ לְבַטָּלָה
זיך אפגיבען חשבון — עָשֹׂה חֶשְׁבּוֹן בְּנַפְשׁוֹ
ס׳גיט זיך אפ א דירה — דִּירָה עוֹמֶדֶת לְהִשָּׂכֵר

**אפגילטען** — צַפֵּה זָהָב אֶת־, זַהֵב, הַזְהֵב
זאלסט מיך אפילו אפגילטען — אַף אִם מְלֵאתָ בֵּיתִי זָהָב
ס׳האט איהם אפגעגילט — שָׂחֲקָה לוֹ הַשָּׁעָה, עָלָה לוֹ יָפֶה

**אפגיסונג** = אפגוס

**אפגיסען** — שָׁפֹךְ מַיִם עַל־
פלייש — הָדֵחַ בָּשָׂר
א ביסעל פון — שָׁפֹךְ מִ־
א מאדעל — הַתֵּךְ, יָצֹק תַּבְנִית
נעגעל־וואסער — נָטֹל אֶצְבְּעוֹתָיו
זיך — שָׁפֹךְ עַל עַצְמוֹ, הַרְטֵב עַצְמוֹ

**אפגיפסען** — גַּפֵּס, גַּבֵּס

**אפגלאנץ** (ג. Abglantz) — נֹגַהּ, אוֹר חוֹזֵר, בַּת זֹהַר

**אפגלאנצען** — מָרֹק, לָטֹשׁ, צַחְצֵחַ; הַזְהֵר הַבְהֵק, הָפֵץ קַרְנַיִם, הַחֲזֵר קַרְנֵי אוֹר

**אפגליהען** — לַבֵּן; גָּמֹר לְלַבֵּן

**אפגלייכען** — יַשֵּׁר, הַיְשֵׁר, שַׁוֵּה פְּנֵי

**אפגליקען** — שַׂחֵק הַשָּׁעָה לְ־
ס׳האט איהם אפגעגליקט — שָׂחֲקָה לוֹ הַשָּׁעָה

**אפגלעטונג** — הַחֲלָקָה

**אפגלעטען** — הַחֲלֵק

**אפגעבאדענער** — רָחוּץ, טָבוּל

**אפגעבאקען** — אָפוּי

**אפגעבארעט** — בָּלֶה

**אפגעבויגען** — זָקוּף

**אפגעבוימעלט** — מָשׁוּחַ בַּשֶּׁמֶן

**אפגעבונדען** — מֻתָּר, מְפֻתָּח

**אפגעביסען** — נָשׁוּךְ

**אפגעבלאסט** — חִוָּר
ווערען — חָוֹר, כָּהֹה, דָּהֹה

**אפגעבליאקעוועט** — חִוָּר, נוֹבֵל, כֵּהֶה, דוֹהֶה
ווערען — חָוֹר, נָבֹל, כָּהֹה, דָּהֹה

**אפגעבען** = אפגיבען

**אפגעבראכען** — שָׁבוּר מִ־

**אפגעבריהטער** — כָּוּוּי, נִכְוֶה
ווי אן אפגעבריהטער — כְּכָווּי כִּנְשׁוּךְ נָחָשׁ

**אפגעברענט** — נִשְׂרָף, שָׂרוּף
פון דער זון — שְׁזוּף שֶׁמֶשׁ
ווערען — הִשָּׂרֵף; הִשָּׁזֵף, הִתְפַּחֵם

**אפגעגאסען** — רָטוּב
פעט — שָׁמֵן, טוֹבֵל בְּשֶׁמֶן
רייך — עָשִׁיר, טוֹבֵל בְּעֹשֶׁר
ווערען — הֵרָטֵב כֻּלּוֹ; שָׁמֹן; הֵעָשֵׁר

**אפגעגארטעלט** — מְפֻתָּח אֵזוֹר

**אפגעג׳גט** — גָּרוּשׁ; גְּרוּשָׁה

**אפגעגיבען** — מוּשָׁב, מֻחֲזָר, נָתוּן בַּחֲזָרָה
אפגעגיבענער ברויט — מִדָּה כְּנֶגֶד מִדָּה, כְּפָעֳלוֹ כֵּן יְשֻׁלַּם לוֹ

**אפגעגלייכט** — מְיֻשָּׁר, מְשֻׁוֶּה

**אפגעגלעט** — מְחֻלָּק

**אפגעגראבען** — חָפוּר, כָּרוּי

**אפגעדאוועגט** — שֶׁכְּבָר הִתְפַּלֵּל
ביזט שוין אן אפגעדאווענטער? — הַכְּבָר הִתְפַּלַּלְתָּ?

**אפגעדארט** — יָבֵשׁ, רָזֶה
ווערען — יָבֹשׁ, הֵרָזֵה



ס׳זאל איהם אפגעדארט ווערען די הענט — תִּיבַשׁ יָדוֹ
דער צונג — תִּדְבַּק לְשׁוֹנוֹ לְחִכּוֹ

**אפגעדונגען** — שָׂכוּר, מְחֻכָּר, לָקוּחַ בַּחֲכִירָה
מקח — מְתֻגָּר, מְזָל

**אפגעדעקט** — פָּתוּחַ, גָּלוּי, מְגֻלֶּה; מְסֻכָּךְ
דער טאפ איז אפגעדעקט — הַסִּיר מְגֻלֶּה
דער דאך איז אפגעדעקט — הַגַּג — מְכֻסֶּה, מְסֻכָּךְ

**אפגעדראשען** — חָבוּט
אפגעדראשענע זאך — דָּבָר יָשָׁן, חָבוּט

**אפגעהאקט** — כָּרוּת, חָטוּב, קָצוּץ, קָטוּעַ

**אפגעהובעלט** — מְהֻקְצָע

**אפגעהן** — הָלֹךְ מִ־, סוּר, נָטֹה, מוּשׁ מִ־
אין א זייט — פָּנֹה מִ־ לְצַד־
א שטיקעל וועג — עָבֹר, עָשֹׂה דֶּרֶךְ־
דער צוג געהט אפ אין צעהן מינוט ארום — הָרַכֶּבֶת תָּזוּז בְּעוֹד עֲשָׂרָה רְגָעִים
פעהלען — חָסֹר, הִפָּקֵד
ס׳געהט מיר אפ געלט — חָסֵר לִי כֶּסֶף
וואס געהט דיר אפ ביי מיר? — מָה אַתָּה חָסֵר עִמִּי?
ווער געהט דא אפ? — מִי נִפְקָד פֹּה?
דער פראסט איז אפגעגאנגען — הַקָּרָה הוּקְלָה, רָפְתָה
דאס אייז איז אפגעגאנגען — הַקֶּרַח נָמֵס
די פארב איז אפגעגאנגען — הַצֶּבַע דָּהָה, חָוַר
דער כעס איז איהם אפגעגאנגען — שָׁב אַפּוֹ, שָׁכַךְ חֲמָתוֹ
ס׳געהט איהם גארניט אפ — לֹא יֶחְסַר לוֹ דָּבָר
מיט בלוט — הִשָּׁפֵךְ, אַבֵּד דָּמוֹ, מוּת מֵאִבּוּד דָּמִים
גלאט, גוט — עָלֹה יָפֶה
ווי איז דיר אפגעגאנגען? — אֵיךְ עָלָה לְךָ?
דאס געשווילעכץ — רָפֹה הַשְּׂאֵת
פון וואסער — שׁוֹב, קָלֹל
א סך געהט נאך אפ צו אן אומגליק? — הַאִם רְחוֹקָה עוֹד הַצָּרָה?
ס׳איז איהם אפגעגאנגען די שפארעס — רָוַח לוֹ, הָיְתָה לוֹ הַרְוָחָה
זיך די פיס — כַּתֵּת רַגְלָיו

**אפגעוואויגען** — שָׁקוּל

**אפגעוויַיסט** — מְלֻבָּן, מְסֻיָּד; מְצֻפֶּה בְּדִיל

**אפגעווינען** — חָזֹר וְזָכֹה

**אפגעוויקעלט** — מְפֻתָּח מִכְּרִיכָתוֹ, סָתוּר־

**אפגעווישט** — מְנֻגָּב, מְנֻקֶּה, מְקֻנָּח

**אפגעוועהנען** — בַּטֵּל הֶרְגֵּל, הַרְחֵק מֵהֶרְגֵּל
עמיצען — הָשֵׁב, הַפְרֵשׁ אֶת־ מֵהֶרְגֵּלוֹ, מִמִּנְהָגוֹ
פון דער ברוסט — גָּמֹל, הַעְתֵּק מִשָּׁדַיִם
זיך — בַּטֵּל, עָזֹב הֶרְגֵּלוֹ

**אפגעזאגט** (פון א שטעלע) — נִדְחֶה, מֻפְטָר

**אפגעזאטעלט** — מְפֻתָּח

**אפגעזאטען** — שָׁלוּק

**אפגעזאלצען** — מָלוּחַ

**אפגעזיגען** (יויך) — מְסֻנָּן

**אפגעזונדערט** — בָּדָד, גַּלְמוּד, מֻבְדָּל

**אפגעזונדערטקייט** — בְּדִידוּת, גַּלְמוּדוּת, הִתְבּוֹדְדוּת

**אפגעזילבערט** — מְצֻפֶּה כֶּסֶף, מְכֻסָּף

**אפגעזעהן** — מִבְּלִי לְהַבִּיט עַל־, מִלְּבַד, חוּץ מִ־

**אפגעטאקט** — חָרוּט, עָשׂוּי יָפֶה

**אפגעכאפט** — חָטוּף, עָשׂוּי בְּחִפָּזוֹן

**אפגעטולעט** — מֻבְדָּל, מוּרָם

**אפגעטון** — עָשׂוּי, נַעֲשָׂה, בְּדִיעֲבַד
אפגעטון — פארפאלען — בְּדִיעֲבַד — אֵין לְהָשִׁיב, אֵין מְשִׁיבִין לְאַחַר מַעֲשֶׂה
אפגעטונע זאך — דְּבַר כָּשׁוּף
דער שלאף איז פון מיר אפגעטון — נָדְדָה שְׁנָתִי

**אפגעטעסעט** — מְסֻתָּת, מְהֻקְצָע

**אפגעטעריי** — עֲבוֹדַת אֱלִילִים, אֱלִילוּת

**אפגעטראגען** — בָּלוּי, בָּלֶה, מָהוּהַ
ווערען — בָּלֹה

**אפגעטריקענט** — מְיֻבָּשׁ

**אפגעטרענטע נאָט** — תְּפָר פָּרוּם

**אפגעכאפט** — חָטוּף; בְּחִפָּזוֹן

**אפגעלאזט** = אפגעלאזען

**אפגעלאזען** — נִרְפֶּה, מִתְרַשֵּׁל, מְרֻשָּׁל, רַשְׁלָן
געשעפט — עֵסֶק מוּנָח, שָׁבוּק, עָזוּב

**אפגעלאזענקייט** — הִתְרַשְּׁלוּת, רַשְׁלָנוּת, הִתְרַפּוּת

**אפגעלאשען** — כָּבוּי, מְכֻבֶּה

**אפגעלייגט** — נִדְחֶה

אפגעלייזט — מְצֻפֶּה זָהָב, מְזֻהָב
פדיון — פָּדוּי, מְכֻנָּס
אפגעלייקענט — מֻכְחָשׁ, מְפֻרָךְ
אפגעלינעט (ציג) — עֵז מְקֻרָחָה, מְשֻׁרֶת שֵׂעָר
אפגעלעבט — שֶׁעָבַר זְמַנּוֹ, עָבַר וּבָטֵל
אפגעמאכט — עָשׂוּי, גָּמוּר, נִגְמָר, שָׁרִיר וְקַיָּם
אפגעמאָלט — מְצֻיָּר
אפגעמאסטען — מָדוּד
אפגעמעקט — מָחוּק
אפגענארט — מֻרְמֶה
אפגענומען — מֻחֲזָר, מוּשָׁב
אן אבר — שֶׁאֲחָזוֹ שִׁתּוּק, אֵבֶר מְשֻׁתָּק
אפגענוצט — בָּלֶה, בָּלוּי, מָהוּהַ
אפגענעצט — מֻרְטָב, מְטֻנָּן
אפגעפאלען — כָּחוּשׁ, רָזֶה, נִרְזֶה, דַּל
פון וואסער — קַל (קַלּוּ הַמַּיִם)
אפגעפארבט — צָבוּעַ, סָקוּר
אפגעפאָהרען (אלט, שוואך) — בָּלֶה, בָּלוּי
אפגעפארטיגט — נִגְמָר; נִפְנֶה, פָּנוּי
אפגעפאַרעט — מָלוּג, מוּבָא בְּרוֹתְחִין, חָלוּט, רָבוּךְ, מֻרְבָּךְ
אפגעפוצט — מְגֹהָץ, מְמֹרָק
אפגעפליקט — מָרוּט, תָּלוּשׁ
אפגעפלעקט — מְלֻכְלָךְ, מְגֹאָל, מֻכְתָּם
אפגערייניגט — מְנֻקֶּה מִכְּתָמָיו
אפגעפסק׳עט — מְבֻטָּל, אוֹבֵד חֵן
ער איז ביי מיר אינגאנצען אפגעפסק׳עט — אָבַד כָּל חִנּוֹ בְּעֵינַי
אפגעפרעגט — מְפֻרָךְ, מֻקְשֶׁה
אפגעצאהלט — מְשֻׁלָּם, מְסֻלָּק
אפגעצאמט — גָּדוּר, מְגֻדָּר
אפגעצויגען — (מאגער) — כָּחוּשׁ, דַּל, רָזֶה
אפגעציגעלט — מְצֻפֶּה לְבֵנִים
אפגעצייכענט — רָשׁוּם, מְסֻמָּן, נִסְמָן
אפגעציימט — מְפֻתָּח (מֵרֶסֶן)
אפגעצירט — דַּל, רָזֶה, כָּחוּשׁ
ווערען — דָּלֹל, הֵרָזֵה, כָּחֹשׁ

אפגעצעהלט -- סָפוּר, מָנוּי
אפגעצערט = אפגעצירט
אפגעקאכט — בָּשׁוּל, מְבֻשָּׁל
ער איז אפגעקאכט — הוּא בְּסַכָּנָה
אפגעקאלעכט — סוּד, מְסֻיָּד
אפגעקאנדירט — מְסֻכָּר, מְצֻפֶּה סֻכָּר, חֶלְבּוֹן
אפגעקאנטעוועט — מְחֻטָּב; מְצֻפֶּה לְבֵנִים (קִיר)
אפגעקאסעט — קָצוּר, גָּזוּז
אפגעקוילעט — שָׁחוּט
אפגעקומענער גביר — יוֹרֵד
אפגעקיילעכדיגט — מְעֻגָּל
אפגעקירצט — מְקֻצָּר
אפגעקערט (ארט) — מְכֻבָּד, מְטֻאטָא
פון וועג — סָר, נוֹטֶה
אפגעקראכען — חִוָּר דּוֹהֶה
אפגעקראסעט = אפגעפארבט
אפגעקראצט — מְגֹרָד
אפגעקרישעט — פָּרוּךְ
אפגעראמט — פָּנוּי מְפֻנֶּה
אפגערוקט — מֻרְחָק, מֻבְדָּל
אפגעריבען — מָחוּק, שָׁחוּק
מטבע — אֲסִימוֹן
אותיות — אוֹתִיּוֹת מְחוּקוֹת, מְטֻשְׁטָשׁוֹת
אפגעריגעלט (טיר) — דֶּלֶת שֶׁהוּסַר בְּרִיחָהּ
מצה = אפגערעדלט
אפגעריסען — קָרוּעַ, לָבוּשׁ קְרָעִים; רָחוֹק
פון א בוים — תָּלוּשׁ
פון אן ארבעט — רָחוֹק, קָרוּעַ
און אפגעשליסען — קָרוּעַ וּבָלוּי
אפגעריסענער נאר — שׁוֹטֶה מֻפְלָג, מֻחְלָט
אפגעריסענע יאהרען -- כָּרֵת, יָמִים חֲטוּפִים
אפגעריסענע יאהרען זאל ער האבען — יִקָּטְפוּ שְׁנוֹתָיו שֶׁל־
אפגערעדט — נִדְבָּר, גָּמוּר (ענין)
אפגערעדלט (מצה) — מַצָּה מְדֻקֶּרֶת, מְנֻקֶּבֶת
אפגעשאבען — מְגֹרָד, מְהֻקְצָע
אפגעשאמט — שֶׁהוּסְרָה זֻהֲמָתוֹ
אפגעשאפט — מוּסָר מִכְּהֻנָּתוֹ, מִמִּשְׁמַרְתּוֹ



אפגעשארט — גָּרוּף
אפגעשוואכט — חָלוּשׁ, חָלָשׁ, רָפֶה, תְּשׁוּשׁ כֹּחַ, עָטוּף
ווערען — חָלֹשׁ, רָפֹה
אפגעשווינקט — שָׁטוּף
אפגעשטאנען — מֻבְדָּל, מֻפְרָשׁ; מְפֻגָּר, נֶחֱשָׁל
אפגעשטאָרבען — מֵת
אפגעשטויסען — מֻדָּח, דָּחוּף מִ־
אפגעשטימט — חָרוּץ, גָּמוּר מֻחְלָט
אפגעשטעלט -- מֻתְנֶה, נִגְמָר
פון טון — נִפְסָק
פון וואסער — שָׁקוּעַ, מִשְׁקַע מַיִם
אפגעשטעמפעלט — חָתוּם, נֶחְתָּם, קָבוּעַ חוֹתָם
אפגעשטעפט — מְתֻפָּר
אפגעשטעקט — פָּתוּחַ, מְפֻקָּק (צנצנת)
אפגעשיט — זָרוּי, זָרוּעַ
אפגעשיידט — בָּדוּל, מֻבְדָּל, מֻפְרָשׁ
ווייט אפגעשיידט — לְהַבְדִּיל אֶלֶף אַלְפֵי הַבְדָּלוֹת
אפגעשיידקייט — בְּדִידוּת, פְּרִישׁוּת
אפגעשיילט — קָלוּף
אייעלע — בֵּיצָה קְלוּפָה, דָּבָר מוּכָן
אפגעשינדען — מֻפְשָׁט
אפגעשיקט — שָׁלוּחַ בַּחֲזָרָה, מוּשָׁב, מֻחֲזָר
אפגעשוירען — גָּזוּז, גָּלוּחַ
אפגעשלאגען (איינס פאר איינס) — מְשֻׁלָּם (מדה כנגד מדה)
הוֹשַׁעְנָא — עֲרָבָה חֲבוּטָה
אפגעשלאסען — פָּתוּחַ (מנעול)
אפגעזונדערט — בָּדָד, סָגוּר
אפגעשלאסענקייט — בְּדִידוּת, סְגִירוּת
אפגעשלאַפט — חָלוּשׁ, רָפֶה
אפגעשליסען און אפגעריסען — בָּלוּי וְקָרוּעַ
אפגעשליפען — לָטוּשׁ, מְלֻטָּשׁ
אפגעשמאלצען — מֻתָּךְ
אפגעשמידט — חָשׁוּל, חָרוּשׁ, מְנֻגָּד
אפגעשמיסען — מֻלְקֶה
ער איז אוועק פון דארט אפגעשמיסען — הוּא יָצָא מִשָּׁם חֲפוּי ראש

אפגעשמירט — מָשׁוּחַ, מָרוּחַ; מְטֻנָּף, מְלֻכְלָךְ
געהאט א בזיון — מְבֻזֶּה, מֻבְזֶה
אפגעשניטען סחורה — חָתוּךְ, גָּזוּר, קָרוּעַ
פון א נעשעפט — מֻפְסָק
יאהר — יָמִים כְּרוּתִים, חֲטוּפִים
אפגעשניצט — גָּזוּז, חָתוּךְ
אפגעשפאלטען — מְבֻקָּע
אפגעשפאַרט — הָדוּף לְאָחוֹר
אפגעשפאָרט — חָשׂוּךְ, חָסוּךְ, מְקֻמָּץ
אפגעשפארט — ווי געפונען — חָשַׂכְתָּ — מָצָאתָ
אפגעשפילעט — מֻתָּר, מְפֻתָּח (כפתור)
אפגעשקראַבעט — גָּרוּד, מְגֹרָד
אפגעשרויפט — בָּרוּג מִ־, הוּצָא בֹּרֶג
אפגעשריבען — כָּתוּב; מֻעְתָּק מִ־
אפגעשריגענער (חולה) — מוּשָׁב לְחַיִּים (ע״י זעקה)
אפגראבלען — גָּרֹד, גָּרֵד, סָרֹט, סָרֵט מִ־
אפגראָבען — גָּמֹר לַחְפּוֹר, לִכְרוֹת
א שטיקעל, בארג, גרוב — כָּרֹה, חָפֹר מִ־
אפגרונד (ג. Abgrund) — תְּהוֹם
אפגרונטעווען (פ. Gruntować) — מָשֹׁחַ הַיְסוֹד
אפגרוזען — פָּרֹק מַשָּׂא
אפגריזען — כַּרְסֵם, לָחֹךְ, לַחֵךְ, גָּרֵם מִ־
אפגרענעצען — גָּבֹל, הַגְבֵּל, תַּחֵם
דאס — הַגְבָּלָה, תְּחוּם
אפדאווענען — גָּמֹר תְּפִלָּתוֹ, כַּלֵּה לְהִתְפַּלֵּל
אפדאנקען — הָשֵׁב תּוֹדָה, הַחֲזֵק טוֹבָה לְ־
א שטעלע — הִתְפַּטֵּר, אָמֹר שָׁלוֹם
אפדארען — יָבֹשׁ, קָמֹל
אפדוכען — שָׁאֹף רוּחַ
אפדוכענען — גָּמֹר בִּרְכַּת כֹּהֲנִים
אפדונערן — חָדֹל הָרְעָמִים, הַקּוֹלוֹת
אפדורען — רַמֵּה אֶת־, הַתֵּל, הָתֵל בְּ־
אפדינגען — שָׂכֹר, חָכֹר
פונ׳ם מקח — תַּגֵּר וְקַבֵּל הֲנָחָה
אפדינען — כַּלֵּה עֲבוֹדָתוֹ, שֵׁרוּתוֹ
פאר עפים — שַׁלֵּם בַּעֲבוֹדָתוֹ; הָשֵׁב גְּמוּל לְ־
דאס קלייד האט שוין אפגעדינט — הַבֶּגֶד כְּבָר שִׁמֵּשׁ זְמַנּוֹ

אפדרעקן — גַּלֵּה, פָּתֹחַ, הָסֵר הַמִּכְסֶה
א דאך — סָכֹךְ, סַכֵּךְ
זיך — הִתְגַּלֵּה, הִפָּתֵחַ
אפדערצעהלען — גַּלֵּה אֹזֶן־, הָבֵא דִּבָּה, הָלֹךְ רָכִיל
אפדראַקען — לַכְלֵךְ (הַנְּיָר)
אפדרוק (ג. Abdruck) — הַדְפָּסָה, מִטְבָּע, הֶעְתֵּק, הַעְתָּקָה
אפדרוקען — הַדְפֵּס; כַּלֵּה לְהַדְפִּיס
אפדרינגען — נַכֵּה מֵהַמְּחִיר בְּתִגּוּרוֹ, קַבֵּל הַנָּחָה
זיך — שָׁמֹעַ מִ־, הָבֵן מִ־
פון וואנען דרינגסטו דאס אפ? — מֵהֵיכָן מַשְׁמַע לְךָ זֶה?
אפדריפען — טַנֵּף, לַכְלֵךְ
אפדרעהען — סַבֵּב וְהוֹצֵא
א שלאס — שַׁבֵּר מַנְעוּל
דעם קאפ — מָלֹק ראש
פון פרייז — נַכֵּה מֵהַמְּחִיר בְּחָזְקָה
אפדרעשען — גָּמֹר לָדוּשׁ
אפדרש׳נען — גָּמֹר, כַּלֵּה לִדְרוֹשׁ, גָּמֹר דְּרָשָׁתוֹ
אפהאלטונג — מְנִיעָה, עִכּוּב, מַעְצוֹר
אפהאלטען — עָצֹר בְּ־, מָנֹעַ, עַכֵּב אֶת־, חָשֹׂךְ
א לאנגע צייט — הַשְׁהֵה אֶצְלוֹ זְמַן רַב
עקזאמען — גָּמֹר בְּחִינָתוֹ
א זיצונג — קַיֵּם יְשִׁיבָה, מוֹשָׁב
דאס האלט מיך ניט אפ — הַדָּבָר הַזֶּה אֵינוֹ מְעַכֵּב
זיך — מָנֹעַ עַצְמוֹ, הֵחָשֵׂךְ מִ־
אפהאנדלונג — מַשָּׂא וּמַתָּן; (אין א בוך) מַאֲמָר, חֲקִירָה
אפהאנדלען — קָנֹה מִ־; כַּלֵּה לִסְחוֹר
מיט עמיצען — גָּמֹר עִם־
אפהאקען — קָצֹץ, קַצֵּץ, כָּרֹת מִ־, גַּדֵּעַ
ענדיגען האקען — כַּלֵּה לַחֲטוֹב
דעם קאָפּ — הַתֵּז הָרֹאשׁ
א האנט — גַּדֵּם
פון א שטיין — פָּסֹל, פַּסֵּל
די רייד — הַפְסֵק אֶת־ בְּתוֹךְ דִּבּוּרוֹ
די פליגעל — הַקְהֵה שִׁנֵּי־
דאס אפהאקען — קְצִיצָה, כְּרִיתָה, הַתָּזָה
אפהארען = אפוואַרטען
אפהאַרטעווען — הַקְשֵׁה, חָסֹם אֶת־

אפהובליוועען — הַקְצֵעַ, שַׁפֵּה, הַחֲלֵק בְּרְהִיטְנִי
אפהונגערן — רָעֹב, הִתְעַנֵּה בְּרָעָב
אפהיטען — שָׁמֹר נָצֹר, נָטֹר
זיך — הִשָּׁמֵר, הִזָּהֵר; שָׁמֹר נַפְשׁוֹ
אפהיטונג — שְׁמִירָה, הַשְׁגָּחָה
אפהיטעכץ = אפהיטונג
אפהייבונג — הֲרָמָה, הֲסָרָה, תְּרוּמָה
אפהייבען — הָנֵף, הָרֵם, תָּרֹם מִ־; הָסֵר
קארטען — הָנֵף, הָרֵם קְלָפִים
א טויטען — הָרֵם מֵת (מעל מטתו)
א קריגעל — הָסֵר, הָרֵם זִבְדָּה
אפהילכען — הַשְׁמֵעַ הֵד, חָזֹר קוֹל
אפהענגיג — זָקוּק, תָּלוּי בְּ־, תָּלוּי בְּדַעַת אֲחֵרִים
אפהענגיגקייט — זִיקָה, זְקִיקוּת, תְּלִיָּה בְּדַעַת אֲחֵרִים
אפהענגען — הָיֹה תָלוּי בְּ־, הָיֹה זָקוּק לְ־, הִצְטָרֵךְ לְ־
א פאָרהאנג — הָרֵם, הָסֵר מָסָךְ
אפהענדיג ווערען — רָפֹה יָדָיו
אפוואוינען — יָשֹׁב, שָׁהֹה בְּ־
אפוואנדערן — נָסֹעַ, יָצֹא מִ־, הַגֵּר מִ־
אפווארטונג — הַמְתָּנָה, לְ־, צִפִּיָּה
אפווארטען — הַמְתֵּן, צַפֵּה לְ־; שָׁמֹר צַעֲדֵי־
אפווארעמען — הָחֵם אֶת־
אפווארף — הַפָּלָה; הַרְחָקָה, דְּחִיָּה
אפווארפען — הַשְׁלֵךְ מֵעַל־, הַרְחֵק, דָּחֹה אֶת־; חַסֵּר מִ־
ניט וועלען — מָאֵן, דָּחֹה
ביי א בהמה — שַׁגֵּר, הַפֵּל וְלָדָהּ
מיט בלאטע — הַשְׁלֵךְ רֶפֶשׁ עַל־
זיך פון — מָאֵן, מָאֹס בְּ־, נָקֹעַ נַפְשׁוֹ, נָעֹר כַּפָּיו מִ־
אפוואשען — רָחֹץ, כַּבֵּס, שָׁטֹף בַּמַּיִם, הָדֵחַ
זיך — רָחֹץ עַצְמוֹ, הִתְרַחֵץ, כֻּבֹּס, הִכַּבֵּס
די הענט פון — נָעֹר כַּפָּיו
אפוויִדלען — זַנֵּב אֶת־, הַשְׁטֵה בְּ־
אפווייהען — הָשֵׁב מֵעַל־
תבואה — גָּמֹר לִזְרוֹת
אפווייזען — דָּחֹה, הָשֵׁב רֵיקָם



אפווייכונג — נְטִיָּה הַצִּדָּה, נְטִיָּה מִ־
אפווייכען — נָטֹה, סוּר מִ־, הִתְרַחֵק שָׂטֹה מִ־
אפוויינען — כַּלֵּה, גָּמֹר לִבְכּוֹת
א צייט — בָּכֹה זְמַן רָב
עמיצען — בָּכֹה וְהִתְחַנֵּן לְ־, הַרְבּוֹת בְּכִי לִפְנֵי־
אפווייסען — לַבֵּן, הַלְבֵּן; סַיֵּד
אפווייקען — שָׁרֹה, הַרְטֵב
אפוויליען (ר. вилять) — הִשְׁתַּמֵּט, הִשְׁתַּמֵּשׁ בַּאֲמַתְלָאוֹת
ער האט אפגעוויליעט די צייט — כִּלָּה בַּהֶבֶל עִתּוֹ
אפוויקלונג — הַתָּרַת, הֲסָרַת כְּרִיכָה
אפוויקלען — הַתֵּר כְּרִיכָה, סָתֹר פְּקַעַת, סָלִיל
אפווירען — סַרְגֵּל, שַׂרְטֵט
אפווישען — נַגֵּב, מָחֹה, קַנֵּחַ, הַסְפֵּג
די ליפען — מָחֹה פֶּה, שִׂים יָד לַפֶּה
די טרערען — מָחֹה דִמְעָה
זיך — הִסְתַּפֵּג, הִתְנַגֵּב, הִתְקַנֵּחַ
אפוועגען — שָׁקֹל (במאזנים)
די ווערטער — פַּלֵּס דְּבָרָיו
זיך — שָׁקֹל עַצְמוֹ, הִשָּׁקֵל
אפוועהרען — הָגֵן עַל־, הַבְרֵחַ רָעָה מִ־
זיך — הָגֵן עַל נַפְשׁוֹ
אפווענדונג — נְטִיָּה, הִשְׁתַּמְּטוּת
אפווענדען (ג. abwenden) — הַטֵּה, הָנִיא אֶת־ מִ־; סָתֹר דִּבְרֵי, הוֹכֵחַ נֶגֶד
זיך — הִשְׁתַּמֵּט
אפוועקסען — מָשֹׁחַ בְּשַׁעֲוָה, בְּדוֹנָג אֶת־
די שיך — מָשֹׁחַ בִּשְׁחוֹר, הַשְׁחֵר, גָּהֵץ
אַפּוטרופּוס = אפעקון
אפּוּלע — הַרְבֵּה
אַפּוֹתִיקָה = אִפָּתֵקָה = היפּאָטעק
א גרויסע אפותיקה — מָמוֹן רַב
אָפּזאָג — מֵאוּן, סֵרוּב, הֲשָׁבַת פָּנִים, לָאו, תְּשׁוּבָה שְׁלִילִית
אפזאגונג, אפזאגעכץ = אפזאג
אפזאגען — גָּמֹר לְדַבֵּר; אָמֹר, דַּבֵּר, הַגֵּד
א ביטע — הָשֵׁב רֵיקָם, הָשֵׁב פְּנֵי־, מָנֹעַ מִ־, מָאֵן, סָרֵב
ירושה — עָזֹב, צַוֵּה נְכָסָיו לְ־, הוֹרֵשׁ אֶת־
פון א שטעלע — פַּטֵּר אֶת־ מִמִּשְׁמַרְתּוֹ

ער האט זיינס אפגעזאגט — אָמַר, הִגִּיד אֶת שֶׁלּוֹ
זיך פון ווין — הִנָּזֵר מִיַּיִן
אפזאָט (ג. Absud) — שִׁלּוּק, שֶׁלֶק, שְׁלִיקָה
אפזאָטלען — פַּתֵּחַ, הָסֵר הָאֻכָּף, הַמַּרְדַּעַת
אפזאץ = אפצאם = אפזעץ
אפזויגען — יָנֹק מִ־; גָּמֹר לִינֹק
אפזוכען — חַפֵּשׂ וּמָצֹא, מָצֹא
זיך — הִמָּצֵא
דער שאדען האט זיך אפגעזוכט — נִמְצְאָה הָאֲבֵדָה
אפזונדערונג — הִתְבַּדְּלוּת, הִתְבּוֹדְדוּת, הַבְדָּלָה, פְּרִישָׁה, הַפְרָשָׁה
אפזונדערן (ג. absondern) — בָּדֹל, הַבְדֵּל, הַפְרֵשׁ, בַּדֵּד
זיך — הִבָּדֵל, פָּרֹשׁ
אפזופען — לָגֹם, לָעֹט מִ־; גָּמֹר לִלְעוֹט, לִלְגּוֹם
אפזיגלען — הָסֵר חוֹתָם
אפזידלען — חָרֵף, גַּדֵּף אֶת־
אפזידען — שָׁלֹק
אפזייגען = אפזויגען
אפזייהען — סַנֵּן, זַלֵּף (פרה ו׳ מ״ג)
אפזיימען — כָּפֹל שְׂפַת בֶּגֶד, עָשֹׂה שָׂפָה לְ־
אפזיין (ערגיץ) — שָׁהֹה, אָחֹר, אַחֵר
אפדינען — עָבֹד בְּחוֹבוֹ; מַלֵּא צְבָאוֹ
אפזייען = אפזייהען
אפזייפען — כַּבֵּס בְּבֹרִית, בְּסַבּוֹן, סַבֵּן
אפזילבערן — צַפֵּה כֶסֶף, הַכְסֵף
אפזינגען — גָּמֹר לְנַגֵּן, לְזַמֵּר, לָשִׁיר
אפזיפען (מיט א זיפּ) — נַפֵּה, כָּבֹר
אפזיפּען = אפסאַפען — הָשֵׁב רוּחַ, נָשֹׁם
אפזיצען — יָשֹׁב, שָׁהֹה, גּוּר
טורמע — יָשֹׁב בְּמַאֲסָר, כַּפֵּר חֶטְאוֹ בְּמַאֲסָר
פון עפּים — שָׁבֹת מִ־, חָדֹל מֵעֲשׂוֹת
זיין אפ און טו ניט — שֵׁב וְאַל תַּעֲשֶׂה
אפזעגען — נָסֹר מִ־, כָּרוֹת בְּמַשּׂוֹר; גָּמֹר לְנַסֵּר
אפזעהן, אפגעזעהן דערפון — מִבְּלִי לְהַבִּיט עַל־
אפזעץ (ג. Absatz) — הֶפְסֵק, הַפְסָקָה
לייענען מיט אן אפזעץ — קָרֹא בְּהֶפְסֵקִים
אהן א אפזעץ — בְּלִי הֶפְסֵק
הושפּשע — מִשְׁקָע, קֻבַּעַת, שְׁמָרִים

אפזעצען סחורה — מָכֹר, זַבֵּן, מָצֹא שוּק לִסְחוֹרָה
אײנשטעלען — הַשְׁקֵעַ
זיך — יָשֹׁב לָנוּחַ
אײנשטעלען זיך — שָׁקֹעַ, הָשְׁקֵעַ
אפחוזק׳ען — לָעֹג לְ־, שָׂחֹק, הַשְׂחֵק עַל־
אפחיה׳ן = אפראטעווען — הָשֵׁב נֶפֶשׁ, הָשֵׁב לִתְחִיָּה, הָפֵחַ רוּחַ חַיִּים בְּ־
אפחֶשבונ׳ען — כַּלֵּה לַחֲשׁוֹב
אפחַתמ׳גען — חָתֹם
אפט (ג. oft) — לְעִתִּים קְרוֹבוֹת, תְּכוּפוֹת, תָּדִיר, תָּכוּף, מָצוּי
אפט מאל — לִפְעָמִים קְרוֹבוֹת, תְּכוּפוֹת
אפטאָטשען = אפגריזען — כַּרְסֵם מְ־
אפשארפען — לָטֹשׁ, הַשְׁחֵז
אפטאַנצען — גָּמֹר לִרְקוֹד; רָקֹד, חוּל
אפטאקסירען ביי זיך — גָּמֹר, הַחֲלֵט בְּנַפְשׁוֹ
אפטאָקען — חָרֹט
א ליגען — בָּדֹה שֶׁקֶר חָלָק
אפטאַרען — פַּלֵּס, שַׁוֵּה הַמֹּאזְנַיִם
אפטֵבל׳ען — טָבֹל, הַטְבֵּל אֶת־
זיך — טָבֹל
אפטויטען — הָמֵת, מוֹתֵת אֶת־
אפטויפען — נַצֵּר, הַטְבֵּל אֶת־
זיך — הִתְנַצֵּר, הָמֵר דָּתוֹ, הִשְׁתַּמֵּד
אפטולען — הַבְדֵּל, הַפְרֵשׁ מְ־
אפטון — גָּמֹר לַעֲשׂוֹת, לִפְעֹל
צונעהמען — הָסֵר
כישוף — כַּשֵּׁף, קָסֹם
א שפיצעל — הַעֲרֵם עַל־, עָקֹב אֶת־
דעם רחמנות — הָסֵר רַחֲמָיו מְ־
א טובה — הָשֵׁב טוֹבָה לְ־
שלעכטס פאר גוטס — שַׁלֵּם רָעָה תַּחַת טוֹבָה
ער האט דאס גוט אפגעטון — טוֹב, טוֹב עָשָׂה
ווען שוין אפגעטון — בְּדִיעֲבַד
אפגעטון — פארפאלען — אֵין אַחַר מַעֲשֶׂה כְּלוּם, אֵין מְשִׁיבִין לְאַחַר מַעֲשֶׂה, הַנַּעֲשָׂה אֵין לְהָשִׁיב
זיך — סוּר; הֵעָשֵׂה
ס׳האט זיך דארטען אפגעטון! — מַעֲשִׂים נַעֲשׂוּ שָׁם!
די נבואה האט זיך פון איהם אפגעטון — נִסְתַּלְּקָה הַנְּבוּאָה הֵימֶנּוּ

זיין רחמנות האט זיך ניט אפגעטון — לֹא סָרוּ, לֹא כָלוּ רַחֲמָיו
אפטײטשען — תַּרְגֵּם, בָּאֵר, פָּרֵשׁ
אפטײלונג — מַחְלָקָה, פְּלֻגָּה; הַבְדָּלָה, הַפְרָשָׁה; סְנִיף
אפטײלען — חַלֵּק, הַפְרֵשׁ, הַבְדֵּל, פַּלֵּג, הַפְרֵד
אפטײק (Apotheke) — בֵּית מִרְקַחַת, אַפְתֵּקָה, (ר. אפתקאות)
אפטײקער — רוֹקֵחַ, פַּטָּם, רַקָּח
אפטײקערײ — רַקָּחוּת
אפטײקערש — שֶׁל רוֹקֵחַ, שֶׁל רַקָּחוּת
אפטימיזם (Optimism) — אָפְּטִימִיּוּת
אפטימיסט — אָפְּטִימִי, בַּעַל בִּטָּחוֹן
אָפטיק (Optik) — תּוֹרַת הָאוֹר, אָפְּטִיקָה
אפטיקער — יוֹדֵעַ, חוֹקֵר בְּתוֹרַת הָאוֹר, אָפְּטִיקוֹן
אפטעסען — סַתֵּת, פַּסֵּל, הַקְצֵעַ
אפטראגען — הָשֵׁב, הַחֲזֵר, הָבֵא בַּחֲזָרָה
א מלבוש — בַּלֵּה (בגד)
א רכילות — הָבֵא דִבָּה
זיך (א מלבוש) — בָּלֹה
אנטלויפען — נָשֹׂא רַגְלָיו וּבָרֹחַ, בָּרֹחַ לוֹ, הִסְתַּלֵּק
אפטראכטען — חָשֹׁב בְּנַפְשׁוֹ
אפטרויערן — חָדֹל מֵהִתְאַבֵּל
א צייט — הִתְאַבֵּל זְמַן רַב
אפטרינקען — גָּמֹר, כַּלֵּה לִשְׁתּוֹת
האסט שוין אפגעטרונקען? — הַכְּבָר שָׁתִיתָ?
א ביסעל פון — שָׁתֹה קִמְעָה מְ־
אפטריט (ג. Abtritt) — בֵּית כִּסֵּא, בֵּית־כָּבוֹד, מַחֲרָאָה
מאכען — בָּרֹחַ, הֵעָלֵם, הִסְתַּלֵּק
אפטריט־געלט — שְׂכַר פְּרִישָׁה
אפטרײבונגס (מיטעל) — סַם־שִׁלְשׁוּל; תַּחְבּוּלַת הַפָּלָה
אפטרײבען — גָּרֵשׁ מֵעַל־
א קינד — גָּרֹם לְהַפֵּל, לְשַׁגֵּר (בדרך מלאכותית)
ס׳האט מיך אפגעטריבען — הָיָה לִי שִׁלְשׁוּל, רָפוּ מֵעָי
אפטריקענען — יַבֵּשׁ, הַחֲרֵב
זיך — יָבֹשׁ, הִתְיַבֵּשׁ
אפטרעטען — סוּר מְ־, הִסֹּג אָחוֹר, הֵרָתֵעַ
דעם וועג — נָטֹה מִפְּנֵי־



איך טריט ניט אפ פון דאנען ביז... — אֵינִי זָז מִכָּאן עַד...
פון געזעץ — נָטֹה, סוּר מֵהַחֹק
אפלאזען עמיצען עפיס — וַתֵּר עַל־ לְ־, מָחֹל, עָזֹב לְ־, מָכֹר לְ־
אפטרענען — קָרֹעַ, הַתֵּר תְּפָר, פָּרֹם
אפטרעסלען — נָעֹר, נַעֵר
פרוכט פון א בוים — נַשֵּׁר
זיך — הִנָּעֵר הִתְנַעֵר, נָעֹר יָדָיו מְ־
אפטרערן (לאזען אפנעהן די טרערען) — הַדְמֵעַ, נָתֹן דִּמְעוֹתָיו לְהִשָּׁפֵךְ
אפטשאַטעווען — אָרֹב לְ־
אפטשוכען — הָשֵׁב לִתְחִיָּה
זיך — שׁוּב לִתְחִיָּה
אפטשעפען (פ. odczepać) — הָסֵר, הַבְדֵּל
זיך — סוּר, הַרְפֵּה מְ־
טשעפע זיך אפ פון מיר — חֲדַל, הֶרֶף מִמֶּנִּי, הַרְפֵּנִי
אפיאָגען — אפלויפען
אָפיום (opium) — אָפְיוֹן, אוֹפְיוֹן, רֹאשׁ
אָפיט (ר. опытъ) — נִסָּיוֹן
אפיטנע — בַּעַל נִסָּיוֹן
אַפילו = ווען אויך — אַף אִם, אֲפִילוּ, גַּם כִּי, גַּם אִם
אָפיציעל (offiziel) — רַשְׁמִי, בְּאֹפֶן רַשְׁמִי, רִשְׁמִי
אפיציער (offizier) — אוֹפִיצֶר, פְּקִיד צָבָא
אפיצערשע — אֵשֶׁת אוֹפִיצֶר
אפיקומן = נאָכשפייז, (המצה הצפונה בליל הסדר)
אַפיקורס (Epikur) — כּוֹפֵר, אֶפִּיקוֹרֶס
אפיקורסיש — שֶׁל אֶפִּיקוֹרֶס, מַעֲשֵׂה אֶפִּיקוֹרֶס, אֶפִּיקוֹרְסוּת
אַפיקורסות = כפירה
אָפיַרש׳ענען — יָרֹשׁ אֶת־
אַפיש (Affiche) — מוֹדָעָה, הַכְרָזָה
אַפישירען — הַדְבֵּק מוֹדָעוֹת
אפכאַיען = אפחיה׳ן
אפכאַפען — חָטֹף, עָשֹׂה בַּחֲטִיפָה, בְּחִפָּזוֹן
דעם אטעם — הָשֵׁב רוּחַ
אפכראַקען — יָרֹק, כַּחֵה עַל־
אפכַשר׳ן — כַּשֵּׁר, הַגְעֵל
אַפלאָדיסמענט (applaudissement) — מְחִיאַת־כַּפַּיִם, עֲנוֹת הֵידָד, מְחִי־כַף

אפלאדירען — מָחֹא כַף, עָנֹה הֵידָד
אָפלאָדען (משא) — פָּרֵק מְ־
אויסלאדען — זָכֹה בַּדִּין עִם חֲבֵרוֹ, דּוֹן עִם־ וְזָכֹה
זיך — פָּסֹק, גָּמֹר לָדוּן עִם־, בֹּא לִידֵי גְמַר דִּין
זיך א צייט — דּוֹן עִם־ יָמִים רַבִּים
אפלאָזען — הַרְפֵּה, הַנֵּחַ, נָטֹשׁ
פריי — שַׁלֵּחַ חָפְשִׁי, שַׁחְרֵר
א געשעפט = ליקווידירען — עָזֹב עֵסֶק, שִׂים קֵץ לְ־
א שדוך — הַתֵּר קֶשֶׁר תְּנָאִים
אײגלאך אין זאק — הַקְצֵר, חַסֵּר לוּלָאוֹת־
א טייך — פָּטֹר, שַׁלֵּחַ מֵי נָהָר, פָּתֹק נָהָר
דער פראסט האט אפגעלאזט — הֶקְרַח רָפָה, הוּקַל
עמיצען עפיס — וַתֵּר עַל חֶלְקוֹ, עָזֹב חֶלְקוֹ לַחֲבֵרוֹ
א פאטש — נָתֹן, חַלֵּק מַכַּת לְחִי לְ־, סָטֹר לְ־ עַל־
פון די הענט — הַנֵּחַ מִיָּד
פון פרייז — הַפְחֵת, הוֹזֵל
הענט און פיס — רָפֹה יָדָיו, הִתְרַשֵּׁל יְדֵי־
לאז איהם אפ — הַנַּח לוֹ, הַרְפֵּה, חֲדַל מִמֶּנּוּ, שַׁבְקֵיהּ לְרַוְיָא
זיך — הִתְרַפֵּה הִתְיָאֵשׁ, זַלְזֵל בְּהַשְׁגָּחָה עַל עַצְמוֹ
לאז זיך אזוי ניט אפ! — אַל תִּתְרַפֶּה, אַל תִּתְיָאֵשׁ כָּכָה!
אפלאטכעגען = אפלקח׳נען
אפלאכען — שָׂחֹק לְ־, לַגְלֵג עַל־
אפלאָנטשען (פ. odłączać) — הַרְחֵק אֶת־ מֵהֶרְגֵּלוֹ, הַעֲבֵר, הַרְחֵק אֶת־
זיך — הִפָּרֵד, הִתְרַחֵק
אפלאַקירען — צַפֵּה לַכָּה, לַכֵּה
אפלאַקסירען — שַׁלְשֵׁל
אפלויבען — הַלֵּל, שַׁבֵּחַ, קַלֵּס
פון קאפ ביז פיס — גָּמֹר אֶת הַהַלֵּל עַל־
ער קען זיך ניט אפלויבען פון איהם — אֵינוֹ פּוֹסֵק מִלִּמְנוֹת שְׁבָחָיו
אָפלויף — מוֹרָד, יְרִידַת מַיִם; רִיצָה מְ־
אפלויפען — רוּץ מְ־
א שטיק וועג — רוּץ כִּבְרַת אֶרֶץ
פון וואסער — יָרֹד, שׁוֹב, חָסֹר, הִגָּרֵר
פון א זייגער — רוּץ, הִסְתּוֹבֵב מַהֵר
לאזען אפלויפען א זייגער — נָתֹן לַשָּׁעוֹן לָרוּץ, לְהִסְתּוֹבֵב

ס׳וועט דיר אזוי ניט אפלויפען! — לֹא תִּנָּקֶה, לֹא יַעֲלֶה לְךָ בִּכְדִי
ענדיגען לויפען — גָּמֹר, כַּלֵּה לָרוּץ
זיך די פיס — יַגֵּעַ, כַּתֵּת רַגְלָיו בְּרִיצָה, רוּץ לַעֲיֵפָה

**אפלופען** = אפלושטשען

**אפלושטשען** — קָלֹף, קַלֵּף, פַּצֵּל

**אפליאַמעווען** — תַּפֵּר שָׂפָה בְּסֶרֶט, סָרֵט שָׂפָה

**אפליאַפּען** — זָרֹק מַיִם עַל־, לַכְלֵךְ בְּמַיִם, בְּטִיט אֶת־

**אפליגען** — שָׁכֹב זְמָן רַב, שָׁכֹב חוֹלֶה יָמִים רַבִּים

**אפליגנערן** — כַּזֵּב, שַׁקֵּר, רַמֵּה אֶת־

**אפלייגונג** — דְּחִיָּה, דִּחוּי, אַרְכָּה

**אפלייגען** — דָּחֹה
אין א זייט — הַנֵּחַ אֶל צַד, ־לְבַד; הַסֵּעַ
סחורה — הַנֵּחַ, הַפְקֵד, אָצֹר
געלט — קַמֵּץ, חָשֹׂךְ
ער לייגט מיך אפ פון טאג צו טאג — הוּא דוֹחֶה אוֹתִי מִיּוֹם אֶל יוֹם
ליינ מיר ניט אפ! — אַל תִּדְחֶה אוֹתִי! אַל תְּפַטְרֵנִי בְּלֵךְ וָשׁוּב
מ׳האט איהם אפגעלייגט אויף א יאהר — נָתְנוּ לוֹ אַרְכָּה לְשָׁנָה

**אפלייגער** — דּוֹחֶה, מְאַחֵר

**אפליידיגען** — פַּנֵּה

**אפליידען** — סָבֹל

**אפלייהען** — הַשְׁאֵל לְ־ בִּגְמוּל

**אפלייזען** (געלט) — פָּדֹה
מיט לייז־גאלד — צַפֵּה זָהָב

**אפלייטען** — לַחֵם; הַתֵּר מְדֻבָּק, הַמְּרֻתָּךְ, הָסֵר הַלִּחוּם

**אפלייטערן** — הַשְׁקֵעַ, צָרֹף, זַקֵּק, זַכֵּךְ
זיך — הִצָּרֵף, זֻקֹּק, הִזְדַּכֵּךְ, שָׁקֹעַ

**אפלייענען** — גָּמֹר, כַּלֵּה לִקְרֹא

**אפלייפען** = אפלויפען

**אפלייקענונג** — הַכְחָשָׁה, הֲזָמָה, הַכְזָבָה, כִּחוּשׁ, כְּפִירָה בְּ־

**אפלייקעניש** = אפלייקונג

**אפלייקענען** — הַכְחֵשׁ, הַכְזֵב, הָזֵם, כָּפֹר אֶת־, כַּחֵשׁ בְּ־, נַכֵּר

**אפלינירען** = אפווירען

**אפלעבען** — חָיֹה, רָאֹה חַיִּים עִם־
ער האט מיט איהר אפגעלעבט צעהן יאהר — הוּא הָיָה עִמָּהּ, יָשַׁב עִמָּהּ עֶשֶׂר שָׁנִים
ער האט דארט אפגעלעבט א צייט — הוּא חָיָה, יָשַׁב שָׁם יָמִים רַבִּים
ער איז שוין אפגעלעבט — כְּבָר הִזְקִין, עָבַר וּבָטַל
ער האט שוין אפגעלעבט זיין צייט — כְּבָר עָבַר זְמַנּוֹ

**אפלעזען** = אפלייענען

**אפלעקען** — לָקֹק, לַקֵּק מֵעַל־, לַקְלֵק
א ביינדעל — לָחֹךְ, לָקֹק עֶצֶם שָׁמֵן, הַרְוֵחַ הַרְבֵּה

**אפלערנען** — גָּמֹר, כַּלֵּה לִלְמוֹד
א בלאט גמרא — לָמֹד דַּף גְּמָרָא
זיך — אָלֹף, אָרְחוֹת־ לָמֹד מִ־, לָמֹד אֶל דַּרְכֵי־

**אפלעשען** (פייער) — כַּבֵּה
דעם דורשט — שַׁבֵּר צִמָּאוֹן
דעם כעס — שַׁכֵּךְ כַּעֲסוֹ
טינט — הַסְפֵּג

**אפלצ׳ן** = אפשפעטען

**אפמאגערונג** — רָזוֹן, כִּלְיוֹן בָּשָׂר

**אפמאגערן** — רָזֹה, הַכְחֵשׁ
זיך — כָּחֹשׁ, הֵרָזֵה, הִדַּל

**אפמאָהלען** — טָחֹן; כַּלֵּה לִטְחוֹן
גיך זאגען — מַהֵר, אָמֹר בִּנְשִׁימָה אַחַת

**אפמאָזלען** — עָבֹר מַחֲלַת הָאַדֶּמֶת

**אפמאַטערן** — הַלְאֵה, יַגֵּעַ
זיך — הִתְעַנֵּה הִתְיַגֵּעַ

**אפמאַך** — פְּשָׁרָה, קְנוּנְיָה; גְּמָר, הַסְכָּמָה, חוֹזֶה, תְּנַאי, בְּרִית

**אפמאכונג** = אפמאך

**אפמאכען** — גָּמֹר לַעֲשׂוֹת; עָשֹׂה חוֹזֶה, הַתְנֵה עִם־
א נעשעפט מיט — גָּמֹר עֵסֶק, עָשֹׂה חוֹזֶה עִם־
קדוש, הבדלה — גָּמֹר לְקַדֵּשׁ, לְהַבְדִּיל
א זאך פאר א זאך — עָשֹׂה דָּבָר חֵלֶף דָּבָר
איך וועל דיר אפמאכען — אֲמַלֵּא חֶסְרוֹנְךָ, מַה שֶּׁהֶחֱסַרְתִּי לָךְ

**אפמאָלען** — צַיֵּר; צָבֹעַ; תָּאֵר

**אפמאָנען** — גָּבֹה, תָּבֹעַ וְגָבֹה

**אפמארמערן** — צָבֹעַ כְּעֵין מַרְמֵר, כְּעֵין שַׁיִשׁ, שַׁיֵּשׁ



**אפמארשירען** — עָבֹר, הָלֹךְ לוֹ

**אפמאַשעניווען** — רַמֵּה, עָשֹׂה מַעֲשֵׂה רַמַּאי, עָקֹב אֶת־

**אפמוטשען** — עַנֵּה, סַגֵּף, צָעֵר אֶת־, הָצֵק לְ־
זיך — הִתְעַנֵּה, הִסְתַּגֵּף
זיך מיט — הִתְחַבֵּט, הִתְלַבֵּט בְּ־

**אפמויערען** — כַּלֵּה לִבְנוֹת, בָּנֹה לְ־, חַבֵּר בִּנְיָן לְ־

**אפמוליען** — לָחֹץ וּפָצֹעַ אֶת־

**אפמונטערן** — הָשֵׁב לִתְחִיָּה

**אפמייקענען** — הָקִיא, קִיא

**אפמעדליווען** — אַחֵר, בּוֹשֵׁשׁ, עַכֵּב

**אפמעלקען** — חָלֹב

**אפמעסטונג** — מִדּוּד, מְדִידָה

**אפמעסטען** — מָדֹד, מַדֵּד

**אפמשפט׳ן** — שָׁפֹט אֶת־, חָרֹץ מִשְׁפָּט

**אפמעקן** — מָחֹק, מַחֵק

**אפנארונג** — הוֹנָאָה, אוֹנָאָה

**אפנאַרען** — הוֹנֵה, רַמֵּה, הַתְעֵה
זיך — טָעֹה, רַמֵּה עַצְמוֹ

**אפנארעכץ** = אפנארונג

**אפנודיען** — שַׁעֲמֵם
זיך — הִשְׁתָּעֵם, הִשְׁתַּעֲמֵם

**אפנוצונג** — הַפְחָתָה בְּשִׁמּוּשׁ

**אפנוצען** — בַּלֵּה, הַפְחֵת בְּשִׁמּוּשׁ, בַּעֲבוֹדָה
זיך — בָּלֹה, הִפָּחֵת (בשמוש), מָהֹהַ

**אפנוץ־געלט** — שְׂכַר שִׁמּוּשׁ, ־תַּשְׁמִישׁ

**אפנייג** = אפנייגונג

**אפנייגען** — נָטֹה הַצִּדָּה

**אַפּנים** = הַפָּנִים — כְּפִי הַנִּרְאֶה

**אפניצען** = אפנוצען

**אפנעהמען** — לָקֹחַ בַּחֲזָרָה
חשבון — רָאֹה חֶשְׁבּוֹן אֵצֶל־, קַבֵּל חֶשְׁבּוֹן מִ־
א חוב — גָּבֹה חוֹב
א געשעפט — נָטֹל, לָקֹחַ עֵסֶק, קָנֹה מִסְחָר
א שטאָט — כָּבֹשׁ, לָכֹד עִיר
די טאקסע — חָכֹר מֶכֶס הַבָּשָׂר
א האנט, א פוס — יָבֹשׁ, הִשְׁתַּתֵּק יָד, רֶגֶל
דאס לשון — הֵאָלֵם, הִנָּטֵל כֹּחַ הַדִּבּוּר
א קינד — יַלֵּד

**אפנעהען** — גָּמֹר לִתְפֹּר
פאר א חוב — תָּפֹר בְּחוֹבוֹ

**אפנעצען** — הַרְטֵב, לַחְלֵחַ

**אפסאפען** — שָׁאֹף רוּחַ

**אָפּסאָרטירען** — הַפְרֵד לְמִינִים, מַיֵּן

**אפסטראשען** — הַפְחֵד, אַיֵּם אֶת־

**אפסטרויען** = אפבויען

**אפסטריגעווען** — כַּלֵּב, הַכְלֵב

**אפסילען** — הַתֵּר חֲרִיזָה, הָסֵר מֵהֶחָרוּז

**אפסמאלען** (אן עוף) — הַבְהֵב, חָרֹךְ
מיט סמאָלע — זַפֵּת, כָּפֹר

**אפסמאָקען** — מָצֹץ

**אפסמאַרקען** — לַכְלֵךְ בְּרִיר הָאַף

**אַפּע** (ג. Affe) — קוֹף

**אפעטיט** (Appetit) — תֵּאָבוֹן, תַּאֲוָה
עסען מיט אפעטיט — אָכֹל לְתֵאָבוֹן
מאכען — גָּרֹר, עוֹרֵר תֵּאָבוֹן

**אפעטיטנע** — מְעוֹרֵר תֵּאָבוֹן, עָרֵב, טָעִים, מְגָרֵר
עסען — מַאֲכַל תַּאֲוָה

**אַפּעלאציע** (Appellation) — אַנְקְלִיטָה, עִרְעוּר, אַפֵּלַצִּיָּה

**אפעלירען** — הַגֵּשׁ אַנְקְלִיטָה לִפְנֵי, עַרְעֵר עַל פְּסַק דִּין, אַנְקְלֵט

**אפעלסין** (Appelsine) — תַּפּוּחַ זָהָב, תַּפּוּחַ סִין

**אָפען** (ג. offen) — פָּתוּחַ, גָּלוּי, מְגֻלֶּה
ת״פ — בְּגָלוּי, בְּפֻמְבֵּי, בְּפַרְהֶסְיָה
אן אפענע האנט — יָד פְּתוּחָה, פַּזְרָן, בַּזְבְּזָן, וַתְּרָן
אן אפענער מוח — לֵב פָּתוּחַ, מֹחַ פָּקוּחַ
אפען געשמועסט — גָּלוּי, לְעֵין כֹּל
אפענע אויגען — עֵינַיִם פְּקוּחוֹת, גְּלוּי עֵינַיִם
אפען געסעל — מָבוֹי מְפֻלָּשׁ
אפענער בריף — מִכְתָּב גָּלוּי, גְּלוּיָה
אונטערן אפענעם הימעל — תַּחַת כִּפַּת הַשָּׁמַיִם, הָרָקִיעַ
נאסטעזש אפען — פָּתוּחַ לִרְוָחָה
אפען זיין — עָשֹׂה צְרָכָיו, הָיֹה נְקָבָיו פְּתוּחִים
ס׳מאכט אפען — מְהַלֵּךְ אֶת בְּנֵי הַמֵּעַיִם

**אפענבאר** — גָּלוּי

**אפענבאַרונג** — גִּלּוּי שְׁכִינָה

ארויסשטעקן — בָּלֹט, יָצֹא; הוֹצֵא, הַאֲרֵךְ
דעם צונג — הַאֲרֵךְ לָשׁוֹן
ס׳שטעקט ארוים — יוֹצֵא, בּוֹלֵט
ארויסשיטען — שָׁפֹךְ, פַּזֵּר הַחוּצָה
זיך — הִשָּׁפֵךְ, הִשְׁתַּפֵּךְ, הִפָּזֵר, הִתְרוֹקֵן
ארויסשיסען — יָרֹה מִ־
ארויסשיינען — זָרֹחַ מִ־, הָאֵר, הַזְהֵר מִ־
נאלד שיינט פון בלאטע ארוים — מַרְגָּלִית כָּל מָקוֹם שֶׁהִיא מַרְגָּלִית שְׁמָהּ
ארויסשיפען — הַפְלֵג בָּאֳנִיָּה
ארויסשיקונג — שִׁלּוּחַ, גֵּרוּשׁ
ארויסשיקען — שַׁלֵּחַ, גָּרֵשׁ מִ־
ארויסשלאגען — הַכֵּה וְהוֹצֵא
זיך פונ׳ם קאפ — עָקֹר, הָסֵר מִלִּבּוֹ, הַסֵּחַ דַּעְתּוֹ מִ־
פונ׳ם שלאף — הַעֲבֵר שֵׁנָה מֵעֵינָיו
פון די כוחות — אַבֵּד כֹּחוֹ
ארויסשלעפען — מָשֹׁךְ מִ־
זיך — הִמָּשֵׁךְ מִ־
ארויסשמיצען — הַשְׁלֵךְ בְּכֹחַ הַחוּצָה
ארויסשפייען — יָרֹק, רָקֹק, פָּלֹט רֻקּוֹ
ארויסשפראצען — צָמֹחַ, עָלֹה, גָּדֹל מִ־
ארויסשפרונגען — דַּלֵּג, קַפֵּץ מִתּוֹךְ־
צום ערשטען — קָפֹץ בְּרֹאשׁ
פון דער הוים — הִתְפַּקֵּעַ מִכַּעַס
ארויסשפריצען — הַזֵּה מִתּוֹךְ
די וואסער שפריצט ארוים — הַמַּיִם נִזְרָקִים מִ־
ארויסשרויפען — הוֹצֵא הַבֹּרֶג, הַסָּלִיל
זיך — יָצֹא הַבֹּרֶג, הַסָּלִיל
ארויסשרייבען — הַעְתֵּק מִ־
סחורה — דָּרֹשׁ בִּכְתָב
א ציימונג — חָתֹם עַל עִתּוֹן
ארויף (ג. herauf) עַל, מַעְלָה, לְמַעְלָה
די שיך קאנען ניט ארויף — הַנְּעָלִים אֵינָן יְכוֹלוֹת לַעֲלוֹת (על הרגל)
בארג ארויף — בְּמַעֲלֵה הָהָר
ארויף־צו — כְּלַפֵּי מַעְלָה
ארויף און אראפ — עָלֹה וְיָרֹד
ארויפארבייטען — סָרֹג, טָרֹס עַל־
זיך — הִתְעַלֵּה, הִתְנַשֵּׂא לְמַדְרֵגָה, כָּבֹשׁ לוֹ דֶּרֶךְ בַּחַיִּים

ארויפביינען — כָּפֹף לְמַעְלָה
זיך — הִכָּפֵף לְמַעְלָה
ארויפבינדען — קָשֹׁר עַל־
ארויפבלאָזען — נָשֹׁב עַל־, ־לְמַעְלָה
ארויפבעטען — קָרֹא, הַזְמֵן לַעֲלוֹת
ארויפברייגגען — הָבֵא עַל־, הַעֲלֵה
איבערערדען — הָסֵת, הַצְלֵחַ לְפַתּוֹת אֶת־
ארויפגיבען — שִׂים עַל, הַגֵּשׁ לְמַעְלָה
ארויפגיסען — יָצֹק, שָׁפֹךְ עַל־
ארויפגעהן — עָלֹה עַל־
ארויפגרעבצען — גַּהֵק, הַעֲלֵה בְּגִהוּק
אַרויפדערלאנגען — הַעֲלֵה אֶת־ לְ־
ארויפדראַפען זיך — טַפֵּס וְעָלֹה עַל־
ארויפדרייען — סַבֵּב עַל־
ארויפהאדען — גָּסֹה, גַּהֵק
אַרויפהייגגען — תָּלֹה עַל־
זיך — הִתָּלֵה עַל־
ארויפוואלגערן זיך — הַשְׁלֵךְ עַצְמוֹ עַל־
ארויפוואקסען — עָלֹה וְצָמֹחַ, שָׂגֹה, רָבֹה
ארויפווארפען — הַשְׁלֵךְ עַל־
זיך אויף — הַשְׁלֵךְ עַצְמוֹ עַל־, הִשָּׁעֵן עַל־
ער האט ארויפגעווארפען די שולד אויף מיר — תָּלָה הַקּוֹלָר בִּי
ארויפווייזען — הַרְאֵה לְמַעְלָה
ארויפוויקלען — כָּרֹךְ, גָּלֹל עַל־
זיך — הִכָּרֵךְ עַל־
ארויפזעצען — הוֹשֵׁב, שִׂים עַל־
זיך — יָשֹׁב עַל־
אַרויפטון — שִׂים עַל־
ארויפטראגען — נָשֹׂא עַל, הַעֲלֵה
ארויפטרייבען — גָּרֵשׁ עַל, נָהֹג עַל־
דעם פרייז — הַעֲלֵה הַמְּחִיר, הַשַּׁעַר
ארויפטריפען — נָטֹף, טַפְטֵף עַל־
ארויפטרעטען — דָּרֹךְ עַל־
אויף א שטעלע — קַבֵּל מִשְׂרָה, הִכָּנֵס לְמִשְׂרָה
ארויפטשעפען — אַחֵז, קָשֹׁר ,קָרֹס עַל־
ארויפיאגען — רוּץ וְעָלֹה; גָּרֵשׁ עַל־
ארויפכאפען — מַהֵר וְהַעֲלֵה
אויף זיך א מלבוש — מַהֵר וְלָבֹשׁ



זיך — מַהֵר וְעָלֹה
„ אויף די פיס — קוּם עַל רַגְלָיו, הַבְרִיא
„ אויף עמיצען — הִתְנַפֵּל עַל־
ארויפלאזען — נָתֹן לַעֲלוֹת
ארויפלויפען — רוּץ עַל־, לְמַעְלָה
ארויפלעגען — הַנֵּחַ, שִׂים עַל־
א שטראף אויף — הַטֵּל עֹנֶשׁ, קְנָס עַל־
זיך — הַנֵּחַ עַצְמוֹ, שִׂים עַצְמוֹ עַל־
„ אויף עמיצען — סָמֹךְ עַצְמוֹ עַל־, הַטֵּל עַצְמוֹ עַל־
ארויפנעהען — תָּפֹר עַל־
ארויפנעהמען — לָקֹחַ עַל־, הַעֲלֵה עַל־
ארויפפאַקען — הַעֲמֵס, טָעֹן עַל־
ארויפסילען — חָרֹז עַל־, רָכֹס עַל־
ארויפפאלען — נָפֹל עַל־
אויף עמיצען — הִתְנַפֵּל עַל־
ארויפפאהרען — נָסֹעַ וְעָלֹה עַל־
ארויפפיהרען — הוֹלֵךְ, הוֹבֵל, נָהֹג, נַהֵל עַל־, לְמַעְלָה
אויף א שלעכטען וועג — הַתְעֵה, הוֹבֵל אֶת־ בְּדֶרֶךְ לֹא טוֹבָה
ארויפפליהען — עוּף, פָּרֹחַ עַל־
ארויף צו — לְמַעְלָה, כְּלַפֵּי מַעְלָה
ארויפציהען — מָשֹׁךְ, מָתֹחַ .
ציכען — הַעֲטֵה כָּרִים
א פרייז — הַעֲלֵה שַׁעַר
ארויפקאַפען — טַפְטֵף, נָטֹף עַל־
ארויפקאטשען — גַּלְגֵּל, גָּלֹל עַל־, לְמַעְלָה
ארויפקאראבקען זיך — טַפֵּס וְעָלֹה עַל־
ארויפקומען — עָלֹה
אויפ׳ן געדאנק — עָלֹה עַל לֵב, עַל דַּעַת
ארויפקוקען — הַבֵּט לְמַעְלָה
ארויפקייקלען — גָּלֹל, גַּלְגֵּל עַל־
ארויפקלאפען — הַכֵּה וְהַעֲלֵה עַל־
ארויפקלייען — הַדְבֵּק, חַבֵּר בְּדֶבֶק עַל־
ארויפקלעטערן — טַפֵּס עַל־, טַפֵּס וְעָלֹה
ארויפקלעפען = ארויפקלייען
ארויפקעהרען — טַאטֵא, כַּבֵּד עַל־
ארויפקריכען — זָחֹל וְעָלֹה עַל־
ארויפקראטשקעווען זיך = ארויפקאראבקען זיך

ארויפרופען — קָרֹא, הַזְמֵן לַעֲלוֹת עַל־
ארויפרוקען — דָּחֹף, הָדֹף לְמַעְלָה
ארויפרייסען — עָקֹר וְהַעֲלֵה, וְהַגְבֵּהַּ
די נאז — ,זָקֹף חֹטֶם, הִתְנַשֵּׂא
ארויפרינען — נָזֹל עַל־
ארויפרעגענען — יָרֹד מָטָר עַל־;הַמְטֵר עַל־
ארויפרעכענען — הוֹסֵף, זָקֹף עַל חֶשְׁבּוֹן
ארויפשווימען — שָׂחֹה לְמַעְלָה, עָלֹה, צָפֹה עַל פְּנֵי הַמַּיִם
ארויפשטויסען — דָּחֹף, הָדֹף לְמַעְלָה
ארויפשטופען = ארויפשטויסען
ארויפשטייגען — עָלֹה
ארויפשטעלען — הַעֲמֵד, הַצֵּב, שִׂים עַל־
ארויפשטעמפלען — חָתֹם עַל־, שִׂים חוֹתָם עַל־
ארויפשטעקען — תָּחֹב עַל־
ארויפשיטען — שָׁפֹךְ, פַּזֵּר עַל־
ארויפשיסען — יָרֹה עַל־, ־לְמַעְלָה
ארויפשיקען — שָׁלֹחַ לַעֲלוֹת אֶל־
ארויפשלאגען — הַכֵּה וְהַעֲלֵה עַל־
גרעבצען — גַּהֵק, גָּסֹה
דאס עסען שלאגט מיר ארויף — אָכְלִי נִדְחָף לְמַעְלָה
זיך — עָלֹה, הַצְלֵחַ
ארויפשלעפען — מָשֹׁךְ, סָחֹב לְמַעְלָה
ארויפשפאנען — צָעֹד, דָּרֹךְ עַל־
ארויפשפאַרען — דָּחֹף, הָדֹף לְמַעְלָה
ארויפשפרינגען — דַּלֵּג, קַפֵּץ עַל־
ארויפשפריינקלען = ארויפשפריצען
ארויפשפריצען — הַזֵּה, זָרֹק עַל־
די וואַסער שפריצט ארויף — הַמַּיִם נִתָּזִים לְמַעְלָה
ארויפשרויפען — סַבֵּב וְהַעֲלֵה עַל־, בָּרֹג עַל־
ארויפשרייבען — כָּתֹב עַל־
אויף עמיצענס חשבון — כָּתֹב עַל חֶשְׁבּוֹנוֹ שֶׁל־
ארום (ג. herum) — סָבִיב, מִסָּבִיב, סְחוֹר; בְּעֶרֶךְ
ארום און ארום — סָבִיב סָבִיב; בְּסַךְ הַכֹּל
ארום און ארום באטרעפט דאס הונדערט פראנק — בְּסַךְ הַכֹּל עוֹלֶה זֶה בְּמֵאָה פְרַנְקִים
ארום האלבע נאכט — כַּחֲצוֹת הַלַּיְלָה
ארום הונדערט — כְּמֵאָה, מֵאָה בְּעֵרֶךְ
ארום שטאט — מִסָּבִיב לָעִיר, סְבִיבוֹת הָעִיר

ווי ארום קומסטו אהער? — אֵיזוֹ הַדֶּרֶךְ בָּאתָ לְכַאן?
אזוי ארום — בְּאֹפֶן כָּזֶה, וּבְכֵן
אין א שטונדע ארום — בְּעוֹד שָׁעָה
אין א יאהר ארום — בְּעוֹד שָׁנָה, כַּעֲבוֹר שָׁנָה
ארום און ארום שולדיג — אָשֵׁם כֻּלּוֹ, בַּכֹּל, כֻּלּוֹ חַיָּב
ארומאקערן — חָרֹשׁ מִסָּבִיב
ארומארבייטען — עַבֵּד, שַׁכְלֵל מְלַאכְתּוֹ
זיך — הַשְׁלֵם מְלַאכְתּוֹ, הִפָּנֵה מֵעֲבוֹדָתוֹ
ארומארמען — חַבֵּק
ארומבאָדען — רָחֹץ אֶת־, כָּלִיל
זיך — הִתְרַחֵץ כָּלִיל
ארומבאמבלען זיך — הִדַּלְדֵּל, הִתְנַדְנֵד
ארומבארשטען — נַקֵּה בְּמִבְרֶשֶׁת סָבִיב
ארומבויען — בָּנֹה סָבִיב; גָּדֹר
ארומבייסען — נָשֹׁךְ סָבִיב
ארומבייגען — כָּפֹף סָבִיב
ארומבינדען — קָשֹׁר סָבִיב
ארומבלאָזען — נָשֹׁב, נָפֹחַ סָבִיב
ארומבלאַנדען — תָּפֹר רִקְמָה סָבִיב
ארומבלאָנזען — תָּעֹה, אָבֹד, הָיֹה נָע וָנָד
ארומבלאָנקען זיך — תָּעֹה, שׁוֹטֵט, אָבֹד
ארומבלאָנקענדער — אוֹבֵד (ארמי אובד אבי)
ארומברעכען — שָׁבֹר סָבִיב
ארומברעמען — עָשׂה זֵר, אִמְרָה סָבִיב, כַּרְכֵּב
ארומברענען — שָׂרֹף סָבִיב
ארומגאָלען — גַּלֵּחַ מִסָּבִיב
ארומגארטלען — אָזֹר, אַזֵּר, חָגֹר אֶת־
זיך — הִתְאַזֵּר, חָגֹר עַצְמוֹ, שַׁנֵּס מָתְנָיו
ארומגיסען — יָצֹק סָבִיב
ארומגליטשען — הַחֲלֵק עַל הַקֶּרַח
ארומגלייכען — יַשֵּׁר סָבִיב
אַרומגעבען — נָתֹן סָבִיב, תָּפֹר סָבִיב
ארומטיילען — חַלֵּק לְ־ סָבִיב
ארומצאָמען — גָּדֹר סָבִיב

ארומגעהן — הִתְהַלֵּךְ
ארום עפּיס — סָבֹב, הַקֵּף, סָחֹר, הָלֹךְ מִסָּבִיב
א געזעץ — הַעֲרֵם עַל חֹק
אין די הייזער — חָזֹר עַל הַפְּתָחִים
ארומגראבלען — גָּרֵד, גָּרֹף מִסָּבִיב
ארומגראבען — חָפֹר מִסָּבִיב
ארומגריזען — כַּרְסֵם, לָחֹךְ מִסָּבִיב
ארומגרייזען — גָּדֹר מִסָּבִיב
ארומגרענעצען — גָּבֹל, הַגְבֵּל, תָּחֹם מִסָּבִיב
ארומדעקען — כַּסֵּה סָבִיב
ארומדרייען — סַבֵּב
זיך — סָבֹב, הִסְתּוֹבֵב; הִתְהַלֵּךְ
וואס דרייסטו זיך דא ארום? — מַה לְּךָ כִּי תִסְתּוֹבֵב פֹּה?
ארומוויקלען — כָּרֹךְ
ארומהאלזען — חָבֹק, חַבֵּק לְ־
ארומהאלטען — אָחֹז סָבִיב, חַבֵּק
ארומהאקען — חָצֹב, חָטֹב סָבִיב, כָּרֹת, קָצֹץ סָבִיב
בוימער — סָעֵף, זָמֹר
שטיינער — סַתֵּת
ארומהובלעווען — הַקְצֵעַ סָבִיב
ארומהילען — עָטֹה, עָטֹף אֶת־
ארומהענגען — תָּלֹה מִסָּבִיב
ארומוואגלען — הָיֹה נָע וָנָד
ארומוואגלעניש — נְדוּדִים
ארומוואלגערן זיך — הִתְגַּלְגֵּל, הִתְהַפֵּךְ, הִשְׁתַּפֵּךְ, הִתְגּוֹלֵל
ארומווארפען — הַשְׁלֵךְ סָבִיב, נָתֹן סָבִיב
ארומוואשען — רָחֹץ סָבִיב
זיך — הִתְרַחֵץ
ארומוויקלען — כָּרֹךְ, חַתֵּל סָבִיב, עָטֹף
זיך — הִכָּרֵךְ, הָחְתֵּל, הִתְעַטֵּף, עָטֹה
ארומווישען — נַגֵּב, קַנֵּחַ סָבִיב
ארומזוימען — עָשׂה שָׂפָה, תַּחֲרָה, סָבִיב
ארומזוכען — חַפֵּשׂ, מַשֵּׁשׁ כָּל־
ארומזייפען — סַבֵּן סָבִיב
ארומזעהן — הַבֵּט סָבִיב, הִתְבּוֹנֵן מִכָּל צַד
זיך — רָאֹה כֹּה וָכֹה, הִתְבּוֹנֵן; הַבֵּט מֵאַחֲרָיו; רָאֹה וּמָצֹא



ארומזעצען — הוֹשֵׁב סָבִיב
בוימער — נָטֹעַ סָבִיב
זיך — יָשֹׁב סָבִיב, מִסָּבִיב
ארומטאנצען — חוֹל, פַּזֵּז, רָקֹד סָבִיב
ארום עמיצען — שָׁרֵת אֶת־
ארומטאַפּען — מַשֵּׁשׁ מִכָּל עֲבָרָיו
אַרומטאָפּען — פָּסֹעַ, רָקֹעַ מִסָּבִיב לְ־
ארומטאָקען — חָרֹט סָבִיב
אַרומטיילען — חַלֵּק, נָתֹן חֵלֶק לְכָל
אַרומטינקעווען — חָמֹר, טוֹחַ מִסָּבִיב
אַרומטעלעבענדען זיך — הִתְנוֹדֵד (בלי מטרה)
אַרומטענדלען — סָחֹר, סָבֹב וְסָחֹר
ארומטעסען — סַתֵּת סָבִיב
אַרומטראָגען — נָשֹׂא סָבִיב
זיך — סָבֹב עִם (בכל מקום), נָשֹׂא עִמּוֹ
אַרומטרייבען — גָּרֵשׁ הֵנָּה וָהֵנָּה, נָהֹג
זיך — שׁוֹטֵט, הָיֹה נָע וָנָד
אַרומטרייבער — רֵיקָן, קַטְלָא קָנֵי בְּאַגְמָא
אַרומטרוקענען — יַבֵּשׁ סָבִיב, כָּלִיל
אַרומטרעטען — דָּרֹךְ סָבִיב
אַרומטרענען — הַתֵּר הַתְּפָר, פָּרֹם סָבִיב
אַרומיאָגען — רוּץ הֵנָּה וָהֵנָּה
עמיצען — רַדֵּף, גָּרֵשׁ הֵנָּה וָהֵנָּה
זיך — רוּץ, הִתְרוֹצֵץ
אַרומיג — סָבִיב, אֲשֶׁר מִסָּבִיב
די ארומיגע ערטער — הַמְּקוֹמוֹת אֲשֶׁר סְבִיב־
„ „ מענשען — הָאֲנָשִׁים הַקְּרוֹבִים, הַסּוֹבְבִים
אַרומכאַפּען — חַבֵּק, גָּפֹף, לָפֹת
זיך — חַבֵּק אִישׁ לְרֵעֵהוּ, אִישׁ אֶת רֵעֵהוּ, הִתְחַבֵּק
אַרומלויפען — רוּץ הֵנָּה וָהֵנָּה; רוּץ סָבִיב
אַרומלויפעניש — רִיצָה, מְרוּצָה הֵנָּה וָהֵנָּה
אַרומלויפער — מְשׁוֹטֵט
אַרומלופען — ארומשיילען
אַרומליאמעווען — תָּפֹר סֶרֶט לְ־, סָרֵט סָבִיב
אַרומלייטען — לַחֵם, הַלָּחֵם סָבִיב, רַתֵּךְ־
אַרומלייגען — הַנֵּחַ, שִׂים סָבִיב
אַרומלעקען — לַקֵּק סָבִיב
אַרוממאָלען — צָבֹעַ, צַיֵּר סָבִיב
אַרוממאַרשירען — צָעֹד, פָּסֹעַ הֵנָּה וָהֵנָּה, הִתְהַלֵּךְ

אַרוממויערן — בָּנֹה סָבִיב, הַקֵּף חוֹמָה
אַרוממעסטען — מָדֹד סָבִיב
אַרומנעהמען — חָבֹק, חַבֵּק
מיט א פלויט — הַסֵּב, הַקֵּף גָּדֵר אֶת־, גָּדֹר סָבִיב
ארומגענומען מיט גילדענע ראמען — מוּסַבּוֹת מִשְׁבְּצוֹת זָהָב
מיט׳ן שכל — הַשֵּׂג בְּשִׂכְלוֹ
זיך — חַבֵּק אִישׁ לְאָחִיו, הִתְחַבֵּק
ארומהילען — עָטֹה סָבִיב, הִתְעַטֵּף
אַרומנייען — תָּפֹר סָבִיב
אַרומנעצען — הַרְטֵב סָבִיב
אַרומסמאַליען — חָרֹךְ סָבִיב
זיך — הִתְחָרֵךְ סָבִיב
אַרומעסען — אָכֹל סָבִיב, לַחֵךְ
אַרומפּאַדען — חָזֹר אַחֲרֵי־, שָׁמֹר צַעֲדֵי־
אַרומפאהרען — נָסֹעַ הֵנָּה וָהֵנָּה; לַמְּקוֹמוֹת שׁוֹנִים
ארום עפּיס — נָסֹעַ וְסַבֵּב אֶת־
אַרומפאלען — נָפֹל סָבִיב; סָבֹב אֶת־, הִתְנַפֵּל סָבִיב
אַרומפאָרען זיך — הִפָּנֵה מֵעֲבוֹדָתוֹ
אַרומפוילען — רָקֹב סָבִיב
אַרומפוצען — יַפֵּה, קַשֵּׁט סָבִיב
אַרומפיהרען — הוֹלֵךְ, הוֹבֵל סָבִיב, הֵנָּה וָהֵנָּה
אַרומפיילען — שׁוּף סָבִיב
אַרומפילען — נַקֵּה מֵאָבָק סָבִיב
ארומפלאנטען — סַבֵּךְ, הַקֵּף סְבַךְ
אַרומפלאנצען — נָטֹעַ סָבִיב
אַרומפליהען — עוּף, עוֹפֵף, פָּרֹחַ סָבִיב
אַרומפליסען — נָזֹל, שָׁטֹף סָבִיב
אַרומפליקען — מָרֹט מִסָּבִיב
אַרומפלעכטען — קָלֹעַ סָבִיב
אַרומפרעגען — שָׁאֹל אֶת כָּל־, ־בְּכָל מָקוֹם
אַרומפרערן — קָפֹא סָבִיב
אַרומצאָהלען — שַׁלֵּם, סַלֵּק לְכָל
זיך — סַלֵּק כָּל חוֹבוֹתָיו
אַרומצוימען — גָּדֹר סָבִיב, הַקֵּף גָּדֵר
אַרומציפּען = ארומפליקען
אַרומצייכענען — רָשֹׁם, צַיֵּן, סַמֵּן סָבִיב
אַרומציהען — מָשֹׁךְ, מָתֹחַ סָבִיב
ארומפאהרען — נָסֹעַ הֵנָּה וָהֵנָּה

אַרומקאָווען — חָשֹׁל, חָרֹשׁ סָבִיב
אַרומקאַטאַיען זיך — נָסֹעַ וְטַיֵּל, נָסֹעַ לְטִיּוּל
אַרומקאַלכען — סַיֵּד סָבִיב
אַרומקאָסען — קָצֹר, גָּזֹז (חציר) סָבִיב
אַרומקוקען — הַבֵּט סָבִיב, הִתְבּוֹנֵן לְכָל צַד
זיך — רָאֹה כֹּה וָכֹה, הַבֵּט מֵאַחֲרָיו, הִתְבּוֹנֵן
אַרומקיטעווען — מָרֹחַ בְּטֶפֶל סָבִיב, טָפֹל
אַרומקיילעכיקען — עַגֵּל סָבִיב
אַרומקייקלען — גָּלֹל, גַּלְגֵּל, כַּדֵּר
אַרומקלאַפּען — הַכֵּה, חָבֹט סָבִיב
אַרומקלויבען — לַקֵּט, אָסֹף מִסָּבִיב
אַרומקלייען — הַדְבֵּק בְּדֶבֶק סָבִיב
אַרומקלעפּען = ארומקלייען
אַרומקנייטשען — כָּפֹף, קָמֹט סָבִיב
אַרומקניפּען — קָשֹׁר סָבִיב
אַרומקעמען — סָרֹק סָבִיב
אַרומקעהרען — טַאטֵא, כַּבֵּד סָבִיב
אַרומקראַצען — גָּרֵד סָבִיב
אַרומקריגען זיך — הִדּוֹן, הִתְקוֹטֵט
אַרומקריכען — זָחֹל, רָמֹשׂ
אַרומראַזירען — גַּלֵּחַ, סַפֵּר
אַרומראָמען = ארומרוימען
אַרומראָסטען — הַעֲלֵה חֲלוּדָה סָבִיב
אַרומרוימען — נַקֵּה, פַּנֵּה, כַּבֵּד סָבִיב
אַרומרוקען — דָּחֹף, גָּרֹר, טַלְטֵל מִמָּקוֹם לְמָקוֹם
אַרומריזען — כַּרְסֵם, לָחֹךְ סָבִיב
אַרומרייזען = ארומפאהרען
אַרומרייטען — רָכֹב הֵנָּה וָהֵנָּה, סָבֹב בִּרְכִיבָה
אַרומרייניגען — נַקֵּה מִכָּל צַד
אַרומרייסען — קָרֹעַ מִסָּבִיב
פלאנצונגען — עָקֹר, תָּלֹשׁ מִסָּבִיב
זיך — הִדּוֹן, הִנָּצֵה, רִיב, הִתְקוֹטֵט
אַרומרינגלען — סָבֹב, סַבֵּב, הַקֵּף, כַּתֵּר
זיך — סַבֵּב, הַקֵּף עַצְמוֹ בְּ־
אַרומרעדען — שִׂיחַ, דַּבֵּר מִכָּל צַד (על ענין)
אַרומשאָבען — גָּרֵד סָבִיב
אַרומשאַלאַפּאַיען זיך — שׁוֹטֵט, הִתְנוֹדֵד
אַרומשאַליווען — עָשֹׂה קְרָשִׁים סָבִיב; סָפֹן, צַפֵּה קְרָשִׁים

ארומשארען — גָּרֹף מִסָּבִיב
ארומשווארצען — הַשְׁחֵר סָבִיב
ארומשווימען — שָׂחֹה הֵנָּה וָהֵנָּה
ארומשווענקען — הָדֵחַ, שַׁטֵּף סָבִיב
ארומשטאָפּען — סָתֹם, סָכֹר סָבִיב, מִכָּל צַד
ארומשטויסען — דָּחֹף, הָדֹף סָבִיב
ארומשטופּען = ארומשטויסען
ארומשטעהן — עָמֹד סָבִיב
ארומשטעלען — הַעֲמֵד, הַצֵּב סָבִיב
זיך — עָמֹד, הִתְיַצֵּב סָבִיב לְ־, סַבֵּב אֶת־
ארומשטעקען — סַתֵּם סָבִיב; תָּחֹב, נָעֹץ מִסָּבִיב
ארומשטרייכען — מָתֹחַ קַוִּים סָבִיב
מיט פוטער — עָשֹׂה זֵר עוֹרוֹת שֵׂעָר (סביב לבגד)
ארומשטרייטען — הִלָּחֵם, הִתְוַכֵּחַ
ארומשטשופּען — מָרֹט מִסָּבִיב
ארומשיטען — זָרֹה, פַּזֵּר סָבִיב
ארומשיילען — פַּצֵּל, קַלֵּף סָבִיב
ארומשיפען זיך — שׁוּט בָּאֳנִיָּה הֵנָּה וָהֵנָּה
ארומשיקען — שָׁלֹחַ לִמְקוֹמוֹת שׁוֹנִים
ארומשלאָגען — סָפֹן, צַפֵּה (קרשים)
זיך — הִנָּצֵה, הִלָּחֵם
ארומשליאנדערן — שׁוֹטֵט, הָלֹךְ בָּטֵל; הִתְחַמֵּק
ארומשליאען זיך = ארומשליאנדערן
ביז וואנען וועסטו זיך ארומשליאען, דו ווילדע מויד?! — עַד מָתַי תִּתְחַמָּקִין, הַבַּת הַשּׁוֹבֵבָה?!
ארומשליאענדע = ארומשלעפּערס
ארומשלײַפען — שׁוֹף, מָרֹט סָבִיב
ארומשלײַפען — פָּרֹף, רָכֹס, עָנֹב סָבִיב
ארומשלעפּען — מָשֹׁךְ, סָחֹב, גָּרֹר הֵנָּה וָהֵנָּה
זיך — נוּד מִמָּקוֹם לְמָקוֹם
ארומשלעפּערס — אָרְחֵי וּפָרְחֵי
ארומשמועסען — שִׂיחַ, דַּבֵּר (על ענין) מִכָּל צַד
ארומשמידען — חָשֹׁל סָבִיב
ארומשמירען — מָשֹׁחַ, מָרֹחַ סָבִיב
ארומשמעלצען — הַתֵּךְ סָבִיב; מָשֹׁחַ שֶׁמֶן סָבִיב
ארימשמעקען — הָרֵחַ מִכָּל צַד
ארומשנורעווען — אָרֹז, חָבֹשׁ, קָשֹׁר סָבִיב
ארומשאטקעווען — חָתֹךְ (כרוב) סָבִיב
ארומשערן — גָּזֹז, גָּזֹר סָבִיב
זיך — הִסְתַּפֵּר



ארומשפאנען — צָעֹד, פָּסֹעַ הֵנָּה וָהֵנָּה
ארומשפייען — יָרֹק, רָקֹק סָבִיב
ארומשפּיליען — רָכֹס סָבִיב
ארומשפינען — טָוֹה סָבִיב
ארומשפרינגען — דַּלֵּג, קַפֵּץ הֵנָּה וָהֵנָּה
ארומשרייבען — כָּתֹב סָבִיב; בָּאֵר, תָּאֵר בִּכְתָב
אָרון פון מת = טרונע
אָרון קודש — אֲרוֹן הַקֹּדֶשׁ (שמניחים בו ספרי תורה)
ארונטער (ג. herunter) — לְמַטָּה, אֶל תַּחַת
אז מע קען ניט אריבער מוז מען ארונטער — כִּי בָאתָ בַּכַּף הִתְרַפֵּס
ארונטערברענגען — הָבֵא אֶל תַּחַת, לְמַטָּה
ארונטערגיסען — יָצֹק אֶל תַּחַת
ארונטערגנב׳נען זיך — הִתְגַּנֵּב אֶל תַּחַת
ארונטערגעהן — הָלֹךְ אֲחוֹרֵי־, אֶל תַּחַת, יָרֹד לְמַטָּה
אונטער כלל — בֹּא הִכָּנֵס בִּכְלָל, הִכָּלֵל
ארונטערדרייען — הָסֵב לְמַטָּה, אֶל תַּחַת, אֲחוֹרֵי־
ארונטערדריקען — דָּחֹק לְמַטָּה, אֶל תַּחַת
ארונטערוואַרפען — הַשְׁלֵךְ לְמַטָּה, לָאָרֶץ, אֶל תַּחַת
ארונטערזעצען — הוֹשֵׁב אֶל תַּחַת, אֲחוֹרֵי־
פון א שטעל — הוֹרֵד מִמִּשְׁמַרְתּוֹ אֶת־
ארונטערטון — שִׂים אֶל תַּחַת
ארונטערטראָגען — נָשֹׂא לְמַטָּה
ארונטערטרייבען — גָּרֵשׁ, הָנֵס אֶל תַּחַת
אַרונטעריאָגען — רוּץ אֶל תַּחַת־; הָנֵס־
ארונטערכאַפּען זיך — רוּץ, מַהֵר אֶל תַּחַת
ארונטערלאָזען — הוֹרֵד, שַׁלְשֵׁל; נָתֹן לָרֶדֶת
זיך — יָרֹד
ארונטערלויפען — רוּץ אֶל תַּחַת־, אֶל אֲחוֹרֵי־
ארונטערלעגען — הַנֵּחַ, שִׂים אֶל תַּחַת
ארונטערנעהמען — הוֹרֵד, הָסֵר, שִׂים תַּחַת
ארונטערפאָהרען — נָסֹעַ אֶל תַּחַת
ארונטערפאלען — נָפֹל אֶל תַּחַת
ארונטערפיהרען — הוֹבֵל אֶל תַּחַת לְ־
ארונטערפליהען — עוּף, פָּרֹחַ אֶל תַּחַת לְ־
ארונטערפליסען — שָׁטֹף, זָרֹם אֶל תַּחַת
ארונטערציהען — מָשֹׁךְ אֶל תַּחַת
ארונטערקומען — יָרֹד, בֹּא אֶל תַּחַת, לְמַטָּה
ארונטערקוקען — הַבֵּט לְתַחַת, לְמַטָּה

ארונטערקייקלען — גַּלְגֵּל אֶל מִתַּחַת לְ־
ארונטערקלאָפען — הַכֵּה וְתָקֹעַ אֶל תַּחַת־; הַכֵּה וְהָסֵר
ארונטערקנייטשען — כָּפֹל, קַפֵּל אֶל תַּחַת
ארונטערקריכען — זָחֹל אֶל תַּחַת
ארונטעררוקען — דָּחֹף אֶל תַּחַת
ארונטעררינען — נָזֹל אֶל תַּחַת
ארונטעררעגענען — יָרֹד מָטָר אֶל תַּחַת־
ארונטערשווימען — שָׂחֹה אֶל תַּחַת־
ארונטערשטופען — דָּחֹף, הָדֹף אֶל תַּחַת־
ארונטערשיטען — שָׁפֹךְ לְמַטָּה; פַּזֵּר אֶל תַּחַת
ארונטערשיסען — יָרֹה אֶל תַּחַת
ארונטערשיקען — שָׁלֹחַ אֶל תַּחַת
ארונטערשלעפען — מָשֹׁךְ, סָחֹב אֶל תַּחַת
ארונטערשפרונגען — קָפֹץ אֶל תַּחַת
ארוּרה = פארפלוכטע; בייזע פרוי
אָרזשעק (פ. orzech) — עֵץ אֱגוֹז, אֱגוֹזָה
אַרט (ג. Art) — מִין; דֶּרֶךְ, מִנְהָג, אֹפֶן, פָּנִים, טִיב
פארשידענע ארטען חיות — חַיּוֹת מִמִּינִים שׁוֹנִים
אן ארט סחורה — מִין סְחוֹרָה
אויפ׳ן ארט פון — כְּדֶרֶךְ, כְּמִנְהָג שֶׁל־
אויף דעם ארט — בְּאֹפֶן זֶה
פון וואסער אַרט? — מַה טִּיבוֹ, מֵאֵיזֶה מִין?
אָרט (ג. Ort) — מָקוֹם, אֲתַר; מִשְׂרָה
אין דעם אָרט — בַּמָּקוֹם הַזֶּה
קומען אויף אן אָרט — בֹּא אֶל מָקוֹם
גלייך אויפ׳ן אָרט — בִּמְקוֹם הַמַּעֲשֶׂה
א ליידיג אָרט — מָקוֹם פָּנוּי; רֶוַח
זיך שטעלען אויף אן אָרט — קַבֵּל מִשְׂרָה, בֹּא לְשָׁרֵת
און ער איז געשטאָרבען אויפ׳ן אָרט — וַיָּמָת תַּחְתָּיו
ער פארנעהמט אן אָרט — נִכְבָּד, מְמַלֵּא מָקוֹם חָשׁוּב
ניט געטראָפען דאס אָרט — לֹא יַכִּירְךָ פֹּה מְקוֹמְךָ
אויף מיין אָרט — בִּמְקוֹמִי, תַּחְתַּי
ער קאָן זיך ניט געפונען קיין אָרט — לֹא יוּכַל לִמְצֹא לוֹ מְקוֹם מְנוּחָה
אלץ אויף אן אָרט — הַכֹּל עַל מְקוֹמוֹ
אין אלע ערטער — בְּכָל מָקוֹם, בְּכָל אֲתַר וַאֲתַר

פון א געווינערין — שִׁלְיָה, שָׁפִיר
היילינ ארט — בֵּית חַיִּים, בֵּית הַקְּבָרוֹת, בֵּית־עָלְמִין
**אָרטאגראפיע** (orthographe) — כְּתִיב, אָרְתוֹגְרַפִיָּה
**אָרטאָגראַפיִש** — כְּתִיב
אָרטאגראַפישע פעהלער — שִׁבּוּשׁ, שְׁגִיאָה בִּכְתִיב
**אָרטאָדאָקס** (orthodoxe) — חָרֵד, אָדוּק, אוֹרְתוֹדוֹקס
**אָרטאָדאָקסיִע** — כַּת הַחֲרֵדִים; אֲדִיקוּת
**אַרטילעריסט** — קַלָּע, תּוֹתְחָן, תּוֹתָחִי, רַגָּם
**אַרטילעריע** (artillerie) — חֵיל הַתּוֹתָחִים, צְבָא הַקַּלָּעִים
וואפען — רִגְמָה, כְּלֵי תּוֹתָח, אַרְטִילֶרְיָה
**ארטיסט** (artiste) — אָמָּן, חָרָשׁ
**ארטיסטיש** — מַעֲשֵׂה יְדֵי אָמָּן, שֶׁל אָמָּן, אֳמָנוּת
**ארטיקעל** (article) — מִין, דָּבָר; מַאֲמָר
א גוט ארטיקעל (סחורה) — מִין סְחוֹרָה טוֹב, יָפֶה
אין א צייטונג — מַאֲמָר
לייט ארטיקעל — מַאֲמָר רָאשִׁי
אין גראמאטיק — מִלַּת הַמִּין
באשטימט **ארטיקעל** — מִלַּת הַיְדִיעָה, ה׳ הַיְדִיעָה
**ארטעל** (Artel) — חֶבְרָה, אַרְטֶל, צַוְתָּא (של פועלים, חילים וכדומה)
**ארטעריע** (צ. artère) — עוֹרֵק, דֶּפֶק, אַרְטֶרְיָה, וָרִיד
**אריבער** (ג. herüber) — מֵעַל, לְמַעְלָה
אריבער צוואנציג — לְמַעְלָה מֵעֶשְׂרִים
ער איז אריבער דעם טייך — עָבַר אֶת הַנָּהָר
דאס שלאפקייט איז אריבער — הַמַּחֲלָה עָבְרָה
אריבער און אריבער — לְעֵילָּא וּלְעֵילָּא
אריבער גענוג — דַּי וְהוֹתֵר, יוֹתֵר מִדַּי
**אריבערבייגען** — הַטֵּה, כָּפֹף מֵעַל־
זיך — נָטֹה, הִכָּפֵף מֵעַל־
**אריבערברייגגען** — הַעֲבֵר, הָבֵא אֶל־
**אריבערגאנג** — מַעֲבָר, מַעְבָּרָה, גַּמְלָה
**אריבערגיסען** — הוֹרֵק, עָרֵה, יָצֹק מִכְּלִי אֶל כֶּלִי
מעהר — יָצֹק יוֹתֵר מִדַּי
זיך — עָלֹה וְשָׁפֹעַ הַחוּצָה
**אריבערגליטשען זיך** — הַחֲלֵק וְעָבֹר, ־לְעֵבֶר שֵׁנִי
**אריבערגנב׳נען** — הַעֲבֵר בִּגְנֵבָה
זיך — הִתְגַּנֵּב וְעָבֹר

**אריבערגעבען** — נָתֹן לְ־ מֵעַל־, נָתֹן־
**אריבערגעהן** — עָבֹר
**אריבערדראפען זיך** — טַפֵּס וְעָבֹר מֵעַל־
**אריבערהייבען** — הָרֵם, נָשֹׂא מֵעַל
**אריבערהענגען** — הָיֹה תָלוּי מֵעַל־
זיך — הִתָּלֵה, הִכָּפֵף מֵעַל לְ־
**אריבערוואקסען** — צָמֹחַ וְעָלֹה עַל־, שָׂגֹה עַל־
מעהר — גָּדֹל יוֹתֵר מִדַּי, גָּדֹל שָׂגֹה מִ־
**אריבערווארפען** — הַשְׁלֵךְ מֵעַל לְ־, ־לְעֵבֶר שֵׁנִי
זיך — הַשְׁלֵךְ עַצְמוֹ מֵעַל לְ־
**אריבערוויקלען** — כָּרֹךְ עַל־
זיך — הִכָּרֵךְ עַל־
**אריבערוועגען** — הַכְרֵעַ, עָלֹה עַל מִשְׁקָלוֹ
**אריבערזידען** — רָתֹחַ, גָּלֹשׁ וְעָלֹה עַל־, וְהִשְׁתַּפֵּךְ מֵעַל
**אריבערזעצען** — הוֹשֵׁב בְּמָקוֹם אַחֵר; נָטֹעַ בְּמָקוֹם אַחֵר
זיך — יָשֹׁב, הִתְיַשֵּׁב בְּמָקוֹם אַחֵר
**אריבערטאנצען** — חוּל, פַּזֵּז רָקֹד דַּלֵּג מֵעַל־
**אריבערטראָגען** — נָשֹׂא, הַעֲבֵר אֶל מָקוֹם אַחֵר
איך קאן דאס ניט אריבערטראגען — לֹא אוּכַל נְשׂא זֹאת
**אריבערטרייבען** — גָּרֵשׁ, הָנֵס, נָהֹג אֶל־
**אריבערטרעטען** — פָּסֹעַ, צָעֹד אֶל־, פָּסֹעַ עַל־ אֶל־
**אריבעריאגען** — רוּץ וְעָבֹר אֶל־; עָבֹר, הַקְדֵּם אֶת־
**אריבערכאפען** (די מאס) — הַגְדֵּשׁ הַסְּאָה
עמיצען — מַהֵר וְהַעֲבֵר אֶת־
זיך — מַהֵר וְעָבֹר אֶל־
**אריבערלאָזען** — נָתֹן לַעֲבוֹר
**אריבערלויפען** — רוּץ וְעָבֹר; עָבֹר בִּמְרוּצָה אֶת־
**אריבערלעבען** — הִשָּׁאֵר בַּחַיִּים אַחֲרֵי־, הַאֲרֵךְ יָמִים אַחֲרֵי־
**אריבערלעגען** — שִׂים, הַנֵּחַ מֵעַל־, מֵאַחֲרֵי־
**אריבערנעהמען** — הַעֲבֵר אֶת־ אֶל־
מעהר — לָקֹחַ יוֹתֵר מִדַּי
**אריבערנעהען** — תָּפֹר מֵעַל־
**אריבערפאהרען** — נָסֹעַ מִ־ אֶל; עָבֹר עַל־
**אריבערפאלען** — נָפֹל וְעָבֹר עַל־, נָפֹל אֶל־
**אריבערפיהרען** — הַעֲבֵר אֶל־
**אריבערפליהען** — עוּף, פָּרֹחַ אֶל־, עוּף וְעָבֹר אֶת־



**אריבערפליסען** — נָזֹל וְעָבֹר, הִשְׁתַּפֵּךְ
**אריבערפעקלען** — הַעֲבֵר, הַבְרֵחַ אֶת־
**אריבערציהען** — מָשֹׁךְ, מָתֹחַ מֵעַל, הוֹצֵא מִ־ אֶל־
זיך — יָצֹא מִ־ אֶל־, יָצֹא מִדִּירָתוֹ אֶל־
**אריבערקאַטשען** — גָּלֹל, גַּלְגֵּל אֶל־
**אריבערקאַפען** — נָטֹף, טַפְטֵף מֵעַל־
**אריבערקומען** — עָבֹר אֶל־, עָבֹר וָבֹא אֶל־
**אריבערקוקען** — הַבֵּט מֵעַל־
**אריבערקייקלען** — גָּלֹל, גַּלְגֵּל מֵעַל־ אֶל־
זיך — הִתְגַּלְגֵּל, הִתְכַּדֵּר אֶל־
**אריבערקלעטערן** — טַפֵּס וְעָבֹר עַל־
**אריבערקריכען** — זָחֹל אֶל־, זָחֹל וְעָבֹר עַל־
**אריבעררופען** — קָרֹא לַעֲבֹר אֶל־
**אריבעררוקען** — הַעְתֵּק מִ־ אֶל
**אריבעררייטען** — רָכֹב וְעָבֹר עַל, רָכֹב אֶל־
**אריבעררינען** — נָזֹל וְהִשְׁתַּפֵּךְ מֵעַל־
**אריבערשארען** — גָּרֹף, חָתֹה לְעֵבֶר אַחֵר
**אריבערשווימען** — שָׂחֹה וְעָבֹר אֶל־, עָבֹר בִּשְׂחִיָּה אֶת־
**אריבערשטויסען** — דָּחֹף, הָדֹף מֵעַל אֶל
**אריבערשטופען** = אריבערשטויסען
**אריבערשטייגען** — עָבֹר אֶת־, עָלֹה עַל־
**אריבערשטעלען** — הַעֲמֵד בְּמָקוֹם אַחֵר
די גרעניץ — הַעֲבֵר הַגְּבוּל אֶת־
**אריבערשיטען** — שָׁפֹךְ, הוֹרֵק מִכְּלִי אֶל כֶּלִי
מעהר — שָׁפֹךְ, פַּזֵּר יוֹתֵר מִדַּי
**אריבערשיסען** — יָרֹה מֵעַל־, ־אֶל־
**אריבערשיפען** — הַעֲבֵר בָּאֳנִיָּה אֶל־
זיך — עָבֹר בָּאֳנִיָּה אֶל־
**אריבערשיקען** — שָׁלֹחַ אֶל־, שָׁלֹחַ לַעֲבֹר אֶל־
**אריבערשלעפען** — סָחֹב וְהַעֲבֵר אֶל־
**אריבערשפאַנען** — צָעֹד וְעָבֹר עַל־, דַּלֵּג עַל־
**אַריבערשפאַרען** — דָּחֹף, הָדֹף מֵעַל לְ־
מיט רייד — נַצֵּחַ בִּדְבָרִים אֶת־
**אריבערשפייען** — יָרֹק, רָקֹק מֵעַל־
**אריבערשפרינגען** — קַפֵּץ, דַּלֵּג עַל־
**אריבערשפריצען** — הַזֵּה, זָרֹק מֵעַל־; הִזָּרֵק מֵעַל־
**אריבערשרייען** — צָעֹק יוֹתֵר מִ־, הָרֵם קוֹל יוֹתֵר

**אָריגינאַל** (original) — גּוּף הַכְּתָב, מָקוֹר
ער איז אן אָריגינאל — הוּא אִישׁ זָר, מוּזָר, תְּמוּהַּ
**אָריגינאליטעט** — מְקוֹרִיּוּת
**אָריגינעל** — אוֹרִיגִינַלִּי, מְקוֹרִי
**אריטמעטיק** (Arithmétique) — חָכְמַת הַחֶשְׁבּוֹן, אֲרִיתְמֶטִיקָה
**ארײַן** (ג. herein) — בְּ־, בְּתוֹךְ, אֶל
ער איז ארײַן אין אוניווערסיטעט — הוּא נִתְקַבֵּל בְּאוּנִיבֶרְסִיטָה
ס׳איז מיר ארײַן אין קאָפּ — נִכְנַס בְּלִבִּי
געה ארײַן — בֹּא, הִכָּנֵס
ארײַן! — יָבֹא! יִכָּנֵס!
ארײַן און ארויס — נִכְנָס וְיוֹצֵא
**ארײַנארבייטען** — סָרֹג, תָּפֹר וְשִׂים בְּ־
אין דער נאכט — עָבֹד עַד שָׁעָה מְאֻחֶרֶת בַּלַּיְלָה
**ארײַנבייגען** — כָּפֹף אֶל תּוֹךְ, בְּתוֹךְ
**ארײַנבלאָזען** — נָפֹחַ בְּ־, אֶל תּוֹךְ
**ארײַנבעטען** — קָרֹא, הַזְמֵן אֶל־, בַּקֵּשׁ לָבֹא אֶל־
**ארײַנבראָקען** — חָתֹךְ, פָּתֹת אֶל־, לְתוֹךְ־
געלט — הַשְׁקֵעַ כֶּסֶף בְּ־
**ארײַנברײַנגען** — הָבֵא, הַכְנֵס אֶל־, בְּ־
**ארײַנברײַנגער** — מַכְנִיס
**ארײַנברעכען זיך** — הִתְפָּרֵץ אֶל, לְתוֹךְ
**ארײַנברעקלען** — פָּרֹר, פָּתֹת בְּ־
**ארײַנגאנג** — כְּנִיסָה, בִּיאָה; מָבוֹא
ער האט אהין ארײַנגאנג — יוֹצֵא וְנִכְנָס שָׁם, יֵשׁ לוֹ מַהְלְכִים שָׁמָּה
**ארײַנגיסען** — יָצֹק בְּ־, לְתוֹךְ
זיך — הִצֵּק בְּ־, הִשְׁתַּפֵּךְ אֶל־
**ארײַנגליטשען זיך** — הִכָּנֵס בַּלָּט, בַּסֵּתֶר אֶל, הַחֲלֵק אֶל־
**ארײַנגנב׳נען** — גָּנֹב וְהָבֵא בְּ־, הָבֵא בִּגְנֵבָה
זיך — הִתְגַּנֵּב אֶל־, לְתוֹךְ־
**ארײַנגעבען** — נָתֹן, שִׂים בְּ־
שכל — הָבֵא חָכְמָה בְּלֵב־
אין טורמע — שִׂים אֶת־ בְּבֵית הַסֹּהַר
**ארײַנגעהן** — בֹּא, הִכָּנֵס אֶל־
אין א שמועס — הִכָּנֵס בִּדְבָרִים, בְּשִׂיחָה עִם־
(שם) — כְּנִיסָה, בִּיאָה
**ארײַנגעטון** — שָׁקוּעַ בְּ־

אריינגראָבען — חָפֹר וְהִכָּנֵס בְּ־
די אויגען אין — חָדֹר בְּעֵינָיו אֶל־
דעם קאָפּ אין דרערד — כָּבֹשׁ פָּנָיו בְּקַרְקַע
אריינדויבען (אין קאָפּ) — כָּרֹה אֹזֶן לְ־
אריינדרייען — סַבֵּב לְתוֹךְ
זיך — הִסְתּוֹבֵב לְתוֹךְ; הִכָּנֵס בְּעָרְמָה בְּ־
" אין א געשעפט — הִכָּנֵס בְּעֵסֶק, בְּעִנְיָן
ער האט זיך אריינגעדרייט און קאָן ניט ארויס — הִסְתַּבֵּךְ וְלֹא יוּכַל לָצֵאת
אריינדרינגען — חָדֹר לְתוֹךְ
אריינדריקען — דָּחֹק, לָחֹץ אֶל תּוֹךְ
אריינהאקען — חָטֹב, בַּקֵּעַ בְּ־
אריינוואליען — הַשְׁלֵךְ לְתוֹךְ־
אריינוואקסען — גָּדֹל, צָמֹחַ לְתוֹךְ
אריינווארפען — הַשְׁלֵךְ אֶל־, לְתוֹךְ
א ווארט — זָרֹק, הַפְלֵט מִלָּה בְּ־
אין ספק — הַטֵּל, הַכְנֵס סָפֵק בְּלֵב־
זיך — הַשְׁלֵךְ עַצְמוֹ בְּ־, אֶל־
אריינווייהען — הַשֵּׁב, נָפֹחַ בְּ־
אריינוויקלען — כָּרֹךְ אֶל תּוֹךְ
אריינזויגען — יָנֹק, מָצֹץ, סָפֹג אֶל־, בְּ־
אריינזויפען — גַּמֵּא, סָבֹא אֶל קִרְבּוֹ
אריינזיפּען — נַפֵּה לְתוֹךְ
אריינזופּען — גָּמֹעַ, לָעֹט אֶל קִרְבּוֹ
אריינזעהן — הַבֵּט, הַשְׁקֵף לְתוֹךְ
אריינזעצען — הוֹשֵׁב, הַנֵּחַ, שִׂים בְּ־
אין תפיסה — אָסֹר, שִׂים בַּכֶּלֶא אֶת־
זיך — יָשֹׁב, הִתְיַשֵּׁב בְּ־
אריינטאָלקעווען — הָבֵן, שַׁנֵּן לְ־, הוֹכֵחַ וְהַכְנֵס בְּלֵב
אריינטאנצען — חוּל, רָקֹד וְהִכָּנֵס בְּ־
אריינטון — הָבֵא, הַכְנֵס, שִׂים בְּ־
זיך אין... — הִתְעַמֵּק, שַׁקֵּעַ רֹאשׁוֹ וְרֻבּוֹ בְּ־, הַשְׁקֵעַ עַצְמוֹ בְּ־
אריינטונקען — טָבֹל, הַטְבֵּל בְּ־
אריינטראג — הַכְנָסָה
אריינטראגען — הָבֵא, נָשֹׂא לְתוֹךְ, הַכְנֵס אֶל־
די קלייט טראגט אריין 5 דאלאר א טאג — הֶחָנוּת מַכְנֶסֶת חֲמִשָּׁה דוֹלָרִים לְיוֹם
אין בוך — הָבֵא, כָּתֹב בְּסֵפֶר

אריינטראכטען זיך — הִתְבּוֹנֵן, הִסְתַּכֵּל בְּ־
אריינטרייבען — הָבֵא, הַכְנֵס, נָהֹג אֶל־, לְתוֹךְ
אין א פרייז — הַעֲלֵה, הַפְקֵעַ הַשַּׁעַר
אין דער שמד — הָבֵא לִידֵי שְׁמָד אֶת־
אין דרערד — הוֹרֵד אֶל עָפָר, שְׁאוֹלָה אֶת־
אריינטרעטען — צָעֹד, הִכָּנֵס בְּ־
אין א פאראיין — הִכָּנֵס לְחֶבְרָה, לַאֲגֻדָּה
זאלסט ניט אריינטרעטען אין מיין שטוב — אַל תִּצְעַד פֶּתַח בֵּיתִי
אריינטרעסלען — נָעֹר, נַעֵר לְתוֹךְ
אריינדיאגען — רוּץ וְהִכָּנֵס אֶל־
עמיצען — הָנֵס אֶת־ אֶל
אריינכאַפּען — תָּפֹשׂ, לָכֹד, חָתֹף
זיך צו — הִכָּנֵס בְּחָפְזָה אֶל־
" שטילערהייד — הִכָּנֵס בְּסֵתֶר, בַּחֲשַׁאי
ער האט זיך אריינגעכאפּט — נִכְנַס בְּסַכָּנָה, נָצוֹד
אריינלאָזען — נָתֹן לָבֹא, לְהִכָּנֵס אֶל־, בְּתוֹךְ־
אין דער לאנגער באנק — נָתֹן לְהַחֲמִיץ אֶת־
אין א געשפּרעך — הִכָּנֵס בְּשִׂיחָה עִם־
" לערנען — שַׁקֵּעַ רֹאשׁוֹ וְרֻבּוֹ בַּלִּמּוּדִים, הִתְמַכֵּר לַלִּמּוּדִים
ארײנלויף — רִיצָה אֶל תּוֹךְ
אריינלויפען — רוּץ לְתוֹךְ
אריינלייגען — שִׂים, הַנֵּחַ בְּ־, נָתֹן אֶל־, הָבֵא בְּ־
געלט אין — הַשְׁקֵעַ כֶּסֶף בְּ־
די ווערטער אין מויל — שִׂים הַדְּבָרִים בְּפִי־
ער האט איהם אריינגעלייגט! — חָלַק לוֹ מַהֲלֻמּוֹת
זיך — הַנֵּחַ, שִׂים עַצְמוֹ בְּ־
אין בעט — הַשְׁכֵּב עַצְמוֹ, שָׁכֹב בַּמִּטָּה
אין שלום — פַּשֵּׁר, תַּוֵּךְ בֵּין, הִתְאַמֵּץ לַעֲשׂוֹת שָׁלוֹם בֵּין
אין דער ליינג און אין דער ברייט — הִכָּנֵס בַּעֳבִי הַקּוֹרָה
אריינמאכען = אפּנארען — רַמֵּה, הוֹנוֹת אֶת־
זיך — בֹּא בְּצָרָה, בְּסַכָּנָה
אריינמארשירען — צָעֹד, פָּסֹעַ וְהִכָּנֵס אֶל־
אריינמיש = אריינמישונג
אריינמישונג — הִתְעָרְבוּת בְּ־, תַּעֲרוּבָה
אריינמישען — בָּלֹל, עָרֹב, עָרֵב בְּ־
זיך — הִתְעָרֵב בְּ־, הַכְנֵס רֹאשׁוֹ בֵּין־
דאס — הִתְעָרְבוּת



אריינמעלקען — חָלֹב לְתוֹךְ
ארייננארען — מָשֹׁךְ בְּעָרְמָה אֶל־, פַּתֵּה לָבֹא בְּ־
זיך — הִפָּתֵה, הִלָּכֵד בְּעָרְמַת־
" צו עמיצען — הִכָּנֵס בְּעָרְמָה אֶל־
אריינגעהמען — לָקֹחַ אֶל־, אָסֹף, הַכְנֵס אֶת־ בְּ־; כָּלֹל, קָלֹט
אין קאָפּ — שִׂים בְּלִבּוֹ
ס'האט איהם אריינגענומען אין די מיילער — הָיָה לְשִׂיחָה בְּפִי כֹל
זיך אין קאָפּ — הַאֲמֵן בְּ־, הִפָּתֵה לְהַאֲמִין בְּ־
אריינגעהען — תָּפֹר לְתוֹךְ, בְּתוֹךְ
אריינסילען — הַשְׁחֵל (חוּט בְּמַחַט)
אריינסמאָקען — מָצֹה, מָצֹץ אֶל־
אריינפאהר — מָבוֹא, שַׁעַר, מְבוֹא שְׁעָרִים, כְּנִיסָה
אריינפאהרען — בֹּא, הִכָּנֵס בַּעֲגָלָה אֶל־, נָסֹעַ וְהִכָּנֵס לְתוֹךְ
אריינפאל — נְפִילָה אֶל־ בְּ־
אריינפאלען — נָפֹל אֶל־, בְּ־, לְתוֹךְ; הִלָּכֵד
צו יענעם אין מויל — הָיֹה לְשִׂיחָה בְּפִי־
יענעם אין די רייד — הִכָּנֵס לְתוֹךְ דִּבְרֵי־
ער איז אריינגעפאלען אין שטוב — נִדְחַף אֶל הַבַּיִת
ער איז אריינגעפאלען! — נִלְכַּד! נָפַל בַּצָּרָה
אריינפאַסען — מַלֵּא, שַׁבֵּץ
אריינפאַקען — חָבֹשׁ לְתוֹךְ
עמיצען — מָשֹׁךְ אֶת־ לְתוֹךְ
אריינפיהר — הוֹלָכָה, הֲבָאָה לְתוֹךְ; מָבוֹא, פְּתִיחָה
אריינפיהרען — הָבֵא, הוֹבֵל אֶל תּוֹךְ־, הַכְנֵס
אריינפלאָנטען — סַבֵּךְ, סַכְסֵךְ בְּ־
זיך — הִסְתַּבֵּךְ בְּ־
אריינפליהען — עוּף, פָּרֹחַ, טוּס אֶל תּוֹךְ
אריינפליסען — נָזֹל, זָרֹם, הִשְׁתַּפֵּךְ אֶל־
אריינפלעכטען — קָלֹעַ, גָּדֹל בְּתוֹךְ־
אריינפעקלען — הַכְנֵס בְּסֵתֶר (חבילות)
זיך — הִכָּנֵס בַּחֲבִילוֹתָיו אֶל־
אריינפערען — דָּחֹף הָדֹף אֶל תּוֹךְ־
אריינפרעסען — דָּחֹק לָחֹץ לְתוֹךְ־
אַריינצאַפּען — בָּרֹז הַזֵּל לְתוֹךְ־
אַריינצייכענען — רָשֹׁם בְּ־

אריינציהען — מָשֹׁךְ אֶת־ לְתוֹךְ
א פאדעם אין א נאדעל — הַשְׁחֵל חוּט לְמַחַט
זיך — הִמָּשֵׁךְ אֶל־, לְתוֹךְ
אין א דירה — בֹּא אֶל דִּירָה חֲדָשָׁה
אריינצילען = אריינסילען
אריינצעהלען — מָנֹה, סָפֹר לְתוֹךְ
אין חשבון — חָשֹׁב בְּתוֹךְ, הַבְלֵעַ בְּחֶשְׁבּוֹן
שמיץ — הַלְקֵה אֶת־, מָנֵה מַלְקוֹת לְ־
אריינקאַפּען — נָטֹף, טַפְטֵף לְתוֹךְ־
אריינקוועטשען — לָחֹץ, דָּחֹק לְתוֹק
אריינקומען — בֹּא, הִכָּנֵס אֶל־
אין די יאהרען — בֹּא בַּיָּמִים
אריינקוקען — הַבֵּט, עַיֵּן בְּ־, בְּתוֹךְ
אריינקייקלען — גָּלֹל, גַּלְגֵּל לְתוֹךְ
אריינקלאַפּען — תָּקֹעַ בְּ־
אריינקלייבען זיך — הִכָּנֵס אֶל דִּירָה חֲדָשָׁה
אריינקלייען — הַדְבֵּק, דַּבֵּק לְתוֹךְ
אריינקלעפּען = אריינקלייען
אריינקלערען — הַעֲמֵק חֲקוֹר בְּ־, עַיֵּן בְּ־
זיך — הִתְעַמֵּק בְּ־
אַריינקנייטשען — כָּפֹל, קַפֵּל לְתוֹךְ
אַריינקנעטען — לוּשׁ בְּתוֹךְ
אריינקעהרען — טַאטֵא. כַּבֵּד לְתוֹךְ
אריינקריגען — הַשֵּׂג וְהָבֵא בְּ־
אריינקריכען — זָחֹל וְהִכָּנֵס לְתוֹךְ
יענעם אין הארצען — הַכְעֵס, חָדֹר לֵב־
אין די ביינער — יָרֹד לְחַיֵּי־
אין די רייד — הִכָּנֵס לְתוֹךְ דִּבְרֵי־
אין דער פרנסה — יָרֹד לְפַרְנָסַת־
ס'איז איהם אריינגעקראכען אין קאָפּ — נִתְקַע לוֹ בְּלִבּוֹ
ער קאָן ניט אריינקריכען אין דרינען — אֵינוֹ מוֹצֵא בוֹ יָדָיו וְרַגְלָיו
ארײנרויכערן — עַשֵּׁן לְתוֹךְ
אריינרופען — קָרֹא לָבֹא אֶל־, לְתוֹךְ
אריינרוקען — תָּחֹב, תָּקֹעַ בְּ־
זיך — הִתָּחֵב, הִתָּקֵעַ בְּ־
ער האט זיך אליין אריינגערוקט — פִּיו הִכְשִׁילוֹ, נִלְכַּד, נִכְשַׁל, בָּא בְּמַלְכֹּדֶת
אריינרייטען — רָכֹב לְתוֹךְ

אריינרייסען זיך — הִתְפָּרֵץ אֶל-, לְתוֹךְ־
דאס — הִתְפָּרְצוּת אֶל־, לְתוֹךְ־
אריינרינען — נָזֹל אֶל-, דָּלֹף לְתוֹךְ
אריינרעגענען — הַמְטֵר אֶל תּוֹךְ
ס׳רעגענט אריין — הַמָּטָר יוֹרֵד, דוֹלֵף לְתוֹךְ, הַגֶּשֶׁם חוֹדֵר־
אריינרעדען — דַּבֵּר לְתוֹךְ
וואס ער האט אין איהם אריינגערעדט — כַּמָּה הַרְבֵּה דְּבָרִים אֶל־
אריינרעכענען — הָבֵא, הַבְלֵעַ בְּחֶשְׁבּוֹן
אריינשאָבען — גָּרֵד לְתוֹךְ
אריינשאַכערן = אריינשווינדלען
אריינשאקלען — הָנֵעַ, נַעֲנֵעַ לְתוֹךְ־, אֶל־
אריינשארען — גָּרֹף, חָתֹה לְתוֹךְ
אריינשווימען — שָׂחֹה לְתוֹךְ
אריינשווינדלען — רַמֵּה אֶת־, סָבֹב בְּכַחַשׁ אֶת־
אריינשווענקען — הַדֵּחַ, שַׁטֵּף לְתוֹךְ
אריינשטויסען — דָּחֹף, הָדֹף לְתוֹךְ
אריינשטופען = אריינשטויסען
זיך — הִדָּחֵק לְתוֹךְ־
אריינשטורמען — הִסְתָּעֵר אֶל־
אריינשטייגען (פרייז) — הַעֲלֵה, הוֹסֵף עַל הַמְּחִיר
אריינשטעכען — דָּקֹר, תָּחֹב, נָעֹץ בְּ־
אריינשטעלען — הַעֲמֵד, הַצֵּב, שִׂים בְּ-
זיך -צייהען — הַעֲמֵד לוֹ שִׁנַּיִם תּוֹתָבוֹת
אריינשטעפען — תַּפֵּר בְּ־
אריינשטעקען — תָּחֹב לְתוֹךְ, נָעֹץ, תָּקֹעַ בְּ־
זיך — הִתָּחֵב, הִנָּעֵץ בְּ-, הִתָּקַע
אריינשטראַלען — הַזְהֵר, שָׁלֹחַ קַוִּים, קַרְנֵי אוֹר אֶל־, לְתוֹךְ
אריינשיטען — שָׁפֹךְ בְּ־, פַּזֵּר לְתוֹךְ
אריינשיינען — הַזְהֵר, זָרֹחַ בְּ־
אריינשיסען — יָרֹה לְתוֹךְ
אריינשיפען — הָבֵא אֳנִיָּה אֶל-
זיך — בֹּא בָּאֳנִיָּה אֶל־
אריינשיקען — שָׁלֹחַ אֶל-
אריינשלאגען — תָּקֹעַ בְּ-
אריינשלעפען — סָחֹב, מָשֹׁךְ לְתוֹךְ

אריינשמייסען — הַלְקֵה, יַסֵּר בְּשְׁבָטִים אֶת-
אריינשמעלצען — הַתֵּךְ אֶל־
אריינשניידען — חָתֹךְ, גָּזֹר בְּ־
אריינשנייען — הַשְׁלֵג בְּ־, יָרֹד שֶׁלֶג בְּ־, אֶל-
ס׳שנייעט אריין — הַשֶּׁלֶג יוֹרֵד אֶל-
אריינשפּאַרען — דָּחֹק, לָחֹץ לְתוֹךְ
אריינשפּייען — יָרֹק, רָקֹק בְּ־, לְתוֹךְ־
אריינשפּינען — טָוֹה בְּ־, לְתוֹךְ
אריינשפּרינגען — קָפֹץ לְתוֹךְ
אריינשפּריצען — הַזֵּה, זָרֹק לְתוֹךְ־, בְּ־
אריינשרויפען — הַכְנֵס בֹּרֶג, בָּרֹג בְּ־
אריינשרייבען — כָּתֹב, רָשֹׁם בְּ־
אֲרִיכַת יָמִים = לאנגע יאהר
אָרים (ג. arm) — עָנִי, דַּל, אֶבְיוֹן, מָךְ, רָשׁ מִסְכֵּן
ארים איז קיין שאנד ניט — הָעֹנִי לֹא לְחֶרְפָּה תֵּחָשֵׁב, אֵין הָעֲנִיּוּת בּוּשָׁה
אן ארימס און א פרעהליכס — דַּל וְשָׂמֵחַ
ארים איז ניט רייך, קרום איז ניט גלייך — רֵישׁ אֵינוֹ עֹשֶׁר, עָקוֹם אֵינוֹ יָשָׁר
ארים ברויט — לֶחֶם עֹנִי, לַחְמָא עַנְיָא
זיין — הָיֹה עָנִי
ווערען — הָיֹה לְעָנִי, הֵעָנִי, רוֹשׁ, הִוָּרֵשׁ, הִתְמַסְכֵּן
מאכען — הַעְנִי, מַסְכֵּן, רוֹשֵׁשׁ
ארים איז ווי געשטארבען — עָנִי חָשׁוּב כְּמֵת
ארים הייסט אהן שכל — אֵין עָנִי אֶלָּא בְּדַעַת
ארימאן — דַּל, אֶבְיוֹן, רָשׁ, מָךְ, עָנִי, מִסְכֵּן
מיט׳ן ארימאן שעמט מען זיך — הַכֹּל מִתְבַּיְּשִׁים בְּעָנִי
אן ארימאן איז א בעל צדקה — כָּל עָנִי וַתְּרָן
ווען פרעהט זיך אן ארימאן? — ווען ער פארלירט און געפינט — אֵימָתַי עָנִי שָׂמֵחַ? בְּמָצְאוֹ אֲבֵדָתוֹ
ווען וויינט אן ארימאן, ווען ער האט צוויי התונות אין איין טאג — עָנִי אָבֵל כְּשֶׁחָלוֹת שְׁתֵּי חֻפּוֹת בְּיוֹם אֶחָד
ארימליך — בְּעֹנִי
ער לעבט זעהר ארימליך — הוּא חַי בְּעֹנִי גָּדוֹל
ארימער = ארימאן
וועדליג מיין ארימער שכל — לְפִי עֲנִיּוּת דַּעְתִּי
אן ארימער ווארעמעס — סְעוּדַת עֲנִיִּים



אָרימקייט — עֹנִי, עֲנִיּוּת, רֵישׁ, דַּלּוּת, מִסְכֵּנוּת אֶבְיוֹנוּת
דאס ביסעל ארימקייט — נִכְסֵי עֹנִי, מְעַט הַמִּטַּלְטְלִין
אריסטאטלעס (Aristotles) (שם פלוסוף יוני) — אֲרִיסְטוֹ; מִתְחַכֵּם, מִתְפַּלְסֵף
אַריסטאָקראַט (Aristokrat) — אֶפְרָתִי, אָצִיל, אֲרִיסְטוֹקְרַט
אריסטאָקראַטיע — אֲצִילֵי הָאָרֶץ, אֲצִילִים, מְרוֹמֵי עַם הָאָרֶץ, אֲצִילוּת
אריסטאָקראטיש — אֲצִילִי, כְּדֶרֶךְ, כְּמִנְהַג אֲצִילִים
אריע (Arie) אַרְיָה, לַחַן
אָריענט (Orient) — מִזְרָח, קֶדֶם, אֶרֶץ הַקֶּדֶם
אָריענטאליש — מִזְרָחִי, שֶׁל הַמִּזְרָח, אוֹרְיֶנְטַלִּי
אָריענטירען זיך — הִסְתַּכֵּל סְבִיבוֹ, הִסְתַּגֵּל אֶל־, מָצֹא דַּרְכּוֹ
אריער — אָרִי, בֶּן יֶפֶת
אריער־גארד (Arrière-garde) — מְאַסֵּף
אריפמעטיק — חָכְמַת הַחֶשְׁבּוֹן, אֲרִיתְמֶתִּיקָה
די 4 אריפמעטישע רעגעלען — אַרְבָּעָה אֲבוֹת הַחֶשְׁבּוֹן
ארכיוו (Archiv) — גְּנִיזָה, בֵּית גְּנָזִים, אַרְכִּיּוֹן
ארכיטעקט (Architekt) — אַרְדְּכָל, אַרְדִּיכָל, אַרְכִיטֶקְטוֹן
ארכיטעקטור — אַרְדְּכַלוּת, בִּנְיָה, חָכְמַת הַבִּנְיָן, אַרְכִיטֶקְטוּרָה
ארכעאלאג (Archéologue) — חוֹקֵר קַדְמוֹנִיּוֹת
אָרם (ג. Arm) — זְרוֹעַ, אֶזְרוֹעַ
ארמאט = הארמאט
ארמבאנד (Armband) — צָמִיד, שֵׁרָה, שֵׁר
ארמיי (armée) — צָבָא, חַיִל, גְּיָס (גְּיָסוֹת)
ארמעל — ארבעל
ארמעניע — אַרְמֶנְיָה (מדינה)
ארסענאל (Arsenal) — בֵּית־נֶשֶׁק, בֵּית זִיּוּן, אַרְסֶנַל
ארסעניק (Arsenik) — זַרְנִיךְ, זַרְנִיק, אַרְסָן
ארעטירען = ארעסטירען
אָרע־קאָרע (איבערקערען) — הָפֹךְ הַקְּעָרָה עַל פִּיהָ
אָרעם = אָרם

אַרען — נָגֹעַ, (היה) אִכְפַּת לְ־, קָשֶׁה
וואס ארט דיך? — מַה אִיכְפַּת לָךְ?
לאז דיך ניט ארען — לֹא יִגַּע זֶה אֵלֶיךָ, אַל תִּדְאַג לָזֶה
ס׳ארט מיך — קָשֶׁה לִי
אַרענדאַטאָר = ארענדאר
ארענדאר (פ. Arendarz) — חוֹכֵר, חָכִיר
אַרענדע — חֲכִירָה; בֵּית חֲכִירָה
נעהמען אין ארענדע — לָקֹחַ בַּחֲכִירָה
אפגיבען אין ארענדע — הַחְכֵּר
ארענדירען — לָקֹחַ בַּחֲכִירָה
ארענטליך (ג. ordentlich) — יָשָׁר, כֵּן, הָגוּן
ער ארבייט ארענטליך — עוֹבֵד בְּיֹשֶׁר, כְּהֹגֶן, עוֹשֶׂה מְלַאכְתּוֹ בֶּאֱמוּנָה
ארענטליכקייט — יֹשֶׁר, הֹגֶן
ארענע (arène) — זִירָה
ארעסטאנט — אַסִּיר, חָבוּשׁ, תָּפוּשׂ, אָסִיר, אָסוּר
אַרעסט (Arrest) — כֶּלֶא, מִשְׁמָר, תְּפִיסָה, מַאֲסָר
ארעסט־הויז — בֵּית־אֲסוּרִים, תְּפִיסָה, סֹהַר
ארעסטירען — תָּפֹשׂ, כָּלֹא, שִׂים בַּכֶּלֶא, אָסֹר, חָבֹשׁ
ארעסטאנסקי ראָטע — גְּדוּד הָאֲסוּרִים
אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל = פאלעסטינע
ארצט (ג Arzt) — רוֹפֵא, אָסָא, אַסְיָא
ארקאדע (arcade) — כִּפָּה, קִמְרוֹן, אַרְקָדָה
ארקע = ארקאדע
אָרקעַסטער (orchestre) — תִּזְמֹרֶת, לַהֲקַת־מְנַגְּנִים
ארשין (Аршинъ) — אַמָּה רוּסִית
אש (ג. Asche) — אֵפֶר, דֶּשֶׁן, קִטְמָה, קִטְמִית
איך וועל מאכען פון איהם אש — אֶעֱשֵׂהוּ גַּל שֶׁל עֲצָמוֹת
אשניצע — מַאֲפֵרָה
אשה צנועה = פרומע פרוי, ־אידענע
אשה רעה = שלעכטע, בייזע פרוי
אש להבה = פלאַם פייער
ער איז געווארען אש להבה — בָּעֲרָה בוֹ חֲמָתוֹ כָּאֵשׁ
אַשמדאַי (Asmodée) = שדים קעניג

אָשמנוּ (זיך שלאגען) — הִתְחָרֵט, הִתְוַדֵּה עַל עָוֹן, עַל טָעוּת

אַשפּה = מיסט

מאכען אַשפּה פון — שִׂים אֶת־ לְאַשְׁפָּה, קַלְקֵל, אַבֵּד

אש־קאָליר — צֶבַע אֵפֶר, אָפוּר, אָפֹר, אַפְרוּרִי

אשרי — מִזְמוֹר תְּהִלִּים (הנאמר ג"פ בכל יום)

קלאר ווי א איד אין אַשרי — בָּקִי בְּ־ כִּיהוּדִי בְּאַשְׁרֵי

אשר יצר — בְּרָכָה הַנֶּאֱמֶרֶת אַחֲרֵי נְקָבִים

זיינע וועקסלען טויגען אויף אשר־יצר'לאך — שְׁטָרוֹתָיו טוֹבִים לָצוּר עַל פִּי צְלוֹחִית

אשת איש = פארהייראטע פרוי

אשת חיל = טיכטיגע, בראווע פרוי

אתרוג = פאראדיז עפּעל = הָדָר

א קאראפּירער אתרוג'ל — אֶתְרוֹג קוֹרְפוּ, דָּבָר יָקָר, חֵפֶץ

א בלינדער אתרוג — דָּבָר הַסָּמוּי מִן הָעַיִן

וואס טוט קהל אחן א אתרוג — מַה יַּעֲשֶׂה הַקָּהָל בְּלִי אֶתְרוֹג?

דער אתרוג קאסט דאס גאנצע געלט און אויפ'ן לולב מאכט מען די ברכה — בָּאֶתְרוֹג מְשַׁלְּמִים כֶּסֶף מָלֵא וּמְבָרְכִים: „עַל נְטִילַת לוּלָב"

אתה בחרתנו = יַחְסָן

אתה הראית — תְּפִלָּה שֶׁאוֹמְרִים בְּעֵת הוֹצָאַת סֵפֶר הַתּוֹרָה

וואס האט אתה הראית צו דער ארענדע? — מַה עִנְיַן שְׁמִיטָה אֵצֶל הַר סִינַי?

# בּ

בּ — הָאוֹת הַשְּׁנִיָּה בא"ב העברי והיהודי

במספר = שנים, עם שתי נקודות למעלה = שני אלפים

בּאַ! — מ"ק בכל הלשונות — הִנֵּה! מֵילָא! בַּה!

בּאָא (boa) — נָחָשׁ־עֲנָק, עֲנָק לְצַוָּאר

בּאאָבּאכטונג — הִסְתַּכְּלוּת, הִתְבּוֹנְנוּת

בּאאָבּאכטען (beobachten) — הִתְבּוֹנֵן, הִסְתַּכֵּל בְּ־

בּאאומרוהיגונג — דְּאָגָה, טִרְדָּה, רֹגֶז

בּאאומרוהיגען — הַפְרֵעַ מְנוּחַת־, הַטְרֵד, הַרְגֵּז, הַחֲרֵד אֶת־

זיך — דָּאֹג לְ־, חָרֹד

בּאַאיינפלוסען — הַשְׁפֵּעַ עַל־

בּאאמטער (נ. Beamter) — פָּקִיד, מְמֻנֶּה

בּאאנטווארטען — עָנֹה אֶת־, הָשֵׁב לְ־, אֶת־

בּאארבּייטונג — עִבּוּד, שִׁכְלוּל

בּאארבּייטען — עָבוֹד, עַבֵּד, שַׁכְלֵל

די ערד — עָבוֹד אֶת הָאֲדָמָה

בּאָבּ (פ. bob) — פּוֹל

בּאבּאָטשקע (ר. бабочка) — צִפֹּרֶת, פַּרְפָּר

בּאבּולע פּאפּיר (פ. bibuła) — נְיָר אָפוּר, עָב

בּאבּילאָניע — בָּבֶל

בּאבּילאָנער — בַּבְלִי (תלמוד בבלי)

בּאבּסקי־רפואה — רְפוּאָה שֶׁל זְקֵנוֹת

בּאבּע (פ. baba) — אֵם זְקֵנָה, סָבָה, סַבְתָּה, (אֵם הָאָב אוֹ אֵם הָאֵם)

מיין באבעס דאגה! — תִּדְאַג סָבָתִי!

דערצעהל עס דער באבע — סַפֵּר זֹאת בְּאָזְנֵי סָבָתְךָ שַׂחֵק בְּאִמְּךָ, בְּסָבָתְךָ

בּאָבּע (פ. bobka) — מְיַלֶּדֶת, חֲכָמָה, חַיָּה

צווישען דער באָבע און דער קימפּעטארין ווערט דאס קינד דערשטיקט — בֵּין חַיָּתָא לִמְחַבַּלְתָּא אָזַל בְּרָא דַעֲלוּבְתָא. בֵּין הָרוֹעֶה וְהַזְּאֵב נִבְקַע הַשֶּׂה

בּאָבּע־מעשה — בָּבָה מַעֲשֶׂה

בּאבּעטשקע = באבאטשקע

בּאבּעצע (אויף שלאגען פאליעס) (ר. свайная баба) — הַלְמָן

בּאָבּער (פ. bobr) — בֵּיבָר, בּוֹנֶה (מין חיה)

בּאבּערדעלט — בִּצְמִיחַת זָקָן

בּאבּער'ן — שֶׁל בֵּיבָר, מֵעוֹר בֵּיבָר

בּאבּקע — זְקֵנָה

וואס מע עסט — עֻגַּת כֻּסְמִין

ציגענע באבקע = ביבקע

בּאבּקעוואטע — צוּרָה גַּסָּה

בּאבּרימען (נ. bebrämen) — עָשֹׂה שְׂפַת שֵׂעָר סָבִיב

בּאבּרימאכץ — שְׂפַת שֵׂעָר

בּאבּרען זיך (רק. бабратися) — חַפֵּשׂ, חַטֵּט

וואס באברעסטו זיך דארט אזוי לאנג? — מָה אַתָּה מְחַטֵּט וּמִתְעַכֵּב שָׁם?

באגאבט (נ. begabt) — מְחֻנָּן בְּכִשְׁרוֹנוֹת, בַּעַל כִּשְׁרוֹנוֹת

בּאָגאָדעלניע — בֵּית חוֹלִים (ר. богадѣльня)

באגאזש (צ. bagage) — מַשָּׂא (כְּבוּדָה), חֲבִילוֹת, צְרוֹרוֹת, מִטְעָן, חֶפְצֵי נְסִיעָה

באגזל־נען — גָּזֹל מִ־

באגיטיגונג — פִּצּוּי, פִּיּוּס, טִיּוּב

באגיטיגען — פַּיֵּס, רַצֵּה, פַּצֵּה אֶת־; הֵיטֵב

א פעלד — טַיֵּב

דאס באגיטיגען — הֲטָבָה

באגייסטערונג — הִתְלַהֲבוּת, הִתְעוֹרְרוּת הָרוּחַ

באגייסטערן (ג. begeistern) — הַלְהֵב, עוֹרֵר, הָעֵר רוּחַ־

באגייסטערט ווערען — הִתְלַהֵב, הִתְעוֹרֵר רוּחוֹ

באגילטען — הַזְהֵב, צַפֵּה זָהָב אֶת־

**באגילט** — מָזְהָב
**באגין** (ג. beginn) — רֵאשִׁית, הַתְחָלָה, תְּחִלָּה
**באגינסטיגען** — נָטָה חֶסֶד לְ־
**באגינען** — הָחֵל, הַתְחֵל
באגינען אויף טאג — הָאֵר הַיּוֹם, עֲלוֹת הַשַּׁחַר
**באגיסונג** — הַרְבָּצָה, הַשְׁקָאָה, שְׁפִיכָה עַל־
**באגיסען** — הַשְׁקֵה, רַבֵּץ, הַרְבֵּץ, זַלֵּחַ, שָׁפֹךְ, זָלֹף מַיִם עַל־
זיך — שָׁפַךְ עָלָיו מַיִם
„ מיט טרערן — הַרְבּוֹת בֶּכִי, שָׁפֹךְ דִּמְעָה כַּמַּיִם
**באגיער** = באגער
**באגלויבונג** — נֶאֱמָנוּת, אֵמוּן, אִשּׁוּר, קִיּוּם
**באגלויבט** — נֶאֱמָן, מְהֵימָן, בָּטוּחַ
ער איז ביי מיר ניט באגלויבט — אֵינוֹ נֶאֱמָן לִי
**באגלייזען** — צַפֵּה זְכוּכִית אֶת־
**באגלייטונג** — לְוָיָה
**באגלייטען** (ג. begleiten) — לַוֵּה אֶת־, פָּזֹם (בשיר)
**באגלייטער** — מְלַוֶּה, בֶּן לְוָיָה
**באגליקט** — מְאֻשָּׁר, מֻצְלָח
**באגליקט ווערען** — הַצְלֵחַ, הִתְעַשֵּׁר
**באגליקען** — אַשֵּׁר, הַצְלֵחַ אֶת־, עָשֹׂה אֶת־ לִמְאֻשָּׁר
**באגנאדיגונג** — סְלִיחָה, מְחִילָה; חֲנִינָה
**באגנאדיגען** — סְלֹחַ, מָחֹל, נָטֹה חֶסֶד לְ־, חָנֹן אֶת־
**בא׳גנב׳נען** — גָּנֹב מִ־
**באגניגונג** — הִסְתַּפְּקוּת
**באגניגען זיך** — הִסְתַּפֵּק
ער באגניגענט זיך מיט ווייניג — הוּא מִסְתַּפֵּק בִּמְעָט
**באגעבענהייט** — מִקְרֶה, מְאֹרָע (ג. Begebenheit)
**באגעגנונג** — פְּגִישָׁה, פְּגִיעָה
**באגעגעניש** — פְּגִישָׁה פְּגִיעָה; קַבָּלַת פָּנִים
א בייז באגעגעניש — פֶּגַע רַע
**באגעגענען** (ג. begegnen) — פָּגֹשׁ אֶת, פָּגַע בְּ־; קַבֵּל פָּנִים
מ׳איז געגאנגען איהם באגעגענען — יָצְאוּ לְקַבֵּל פָּנָיו
זיך — הִפָּגֵשׁ, הִזְדַּמֵּן עִם־
**באגעהן א פעהלער** — עָשֹׂה שְׁגִיאָה, חָטֹא, שָׁגֹג
א זינד — עָשֹׂה חֵטְא, חָטֹא, עָבֹר עֲבֵרָה
זיך — הִסְתַּפֵּק; הִתְנַהֵג עִם־
ער ווייס ניט ווי זיך צו באגעהן — אֵינוֹ יוֹדֵעַ אֵיךְ לְהִתְנַהֵג
ער באגעהט זיך מיט 5 רובעל א וואך — הוּא מִסְתַּפֵּק בַּחֲמִשָּׁה רו״כ לְשָׁבוּעַ
ער באגעהט זיך מיט מיר ניט גוט — הוּא אֵינוֹ מִתְנַהֵג עִמִּי כָּרָאוּי
איך וועל זיך באגעהן אהן דיר — אֶסְתַּפֵּק בִּלְעָדֶיךָ
איך קאן זיך ניט באגעהן אהן דעם — לֹא אוּכַל לְהִסְתַּפֵּק בִּלְעָדוֹ
**באגעהר** (Begehr) — חֵשֶׁק, תְּשׁוּקָה, חֵפֶץ; בַּקָּשָׁה מְבֻקָּשׁ, שְׁאֵלָה, מִשְׁאָלָה
וואס איז מיין באגעהר? — מַה שְּׁאֵלָתִי? מַה בַּקָּשָׁתִי?
אלע דיינע באגעהרען — כָּל מִשְׁאֲלוֹתֶיךָ
**באגעהרען** — חָפֹץ, חָשֹׁק, בַּקֵּשׁ, שָׁאֹל
ער באגעהרט לערנען — נַפְשׁוֹ חָשְׁקָה בַּתּוֹרָה
**באַגראָבען** — קָבֹר, קַבֵּר
קאליע מאכען — קַלְקֵל, הַשְׁחֵת
ער האט באגראבען דעם קאפ אין דרערד — כָּבַשׁ פָּנָיו בְּקַרְקַע
ווערען — הִקָּבֵר
דא ליגט דער הינט באגראבען — דָּא עָקָא
זיך — קָבֹר עַצְמוֹ, הַשְׁחֵת עַצְמוֹ (בְּיָדָיו)
**באגרייפליך** — שֶׁאֶפְשָׁר לְהָבִין, מוּבָן, מִסְתַּבֵּר
**באגרייפען** (ג. begreifen) — בִּין, הָבֵן, הַשֵּׂג, תָּפֹשׂ
**באגרינדונג** — יִסּוּד, בִּסּוּס
**באגרינדען** — יָסֹד, יַסֵּד, בַּסֵּס בִּרְאָיוֹת
**באגריסונג** — בְּרָכָה, אֲמִירַת, שְׁאֵלַת שָׁלוֹם
**באגריסען** (ג. begrüssen) — בָּרֵךְ אֶת־, שָׁאֹל לִשְׁלוֹם־
**באגריף** — מוּשָּׂג, מֻשָּׂג, הַשָּׂגָה
איך האב אין דעם קיין באגריף ניט — אֵין לִי שׁוּם מוּשָּׂג בָּזֶה
**באגרייפען** (ג. begreifen) הָבֵן, הַשֵּׂג
**באגרעבעניש** — קְבוּרָה, קֶבֶר
**באגרעבער** — קַבְּרָן
**באגרענצונג** — הַגְבָּלָה, תְּחוּם
**באגרענצט** — מֻגְבָּל
**באגרענצען** (ג. begrenzen) גָּבֹל, הַגְבֵּל, תָּחֹם



**באָד** (ג. Bad) — מֶרְחָץ, בֵּית מֶרְחָץ, בַּנְיָה, מְסוּתָה, בֵּי בַּנֵּי
נעהמען א באד — רָחֹץ
ווארעם־בעדער — מַעְיָנוֹת חַמִּים
באָד־קאָסטיום — בַּלָּר, בַּלְנָר, בַּלָּנִית
פיהרען אין באד אריין — הוֹלֵךְ שׁוֹלָל, תּוֹעֶה אֶת־
באד־זאכען — בַּלָּנִיּוֹת
ס׳האט זיך אויסגעלאזט א באד! — סוֹפוֹ הָיָה עוּרְבָא פָּרַח!
ווארעם, ווי אין א באד — חַם כִּבְבַנְיָה
אויסגיסען די באד אויף — שָׁפֹךְ חֲמָתוֹ עַל־
אין באד זיך שעמען איז ניטא פאר וועמען — בְּבֵית הַמֶּרְחָץ אֵין לְהִתְבַּיֵּשׁ, אֵין בּוּשָׁה
**באדאָווערען** = באדויערען
**באָדאַי** (פ. bodaj) — לוּ, גַּם = באדיי
באדיי אליין ניט עסען אבי יענעם ניט געבען — לֹא יִתֵּן לַאֲחֵרִים לוּ גַּם בִּטְנוֹ תֶּחְסַר
**באדאכטען** — חָשֹׁב הֵיטֵב, עַיֵּן שִׂים לֵב לְ־
זיך — הִתְבּוֹנֵן, הִתְחַשֵּׁב, הִתְיַשֵּׁב
**באדאנקען** — הָשֵׁב תּוֹדָה, הוֹדוֹת לְ־
**באדארף** — צֹרֶךְ, צְרָכִים, הִצְטָרְכוּת
**באדארפען** — הִצְטָרֵךְ, הָיֹה צֹרֶךְ לְ־ בְּ־
איך באדארף דאס — צָרִיךְ, מִצְטָרֵךְ אֲנִי לָזֶה, צָרִיךְ לִי זֶה
ניט ווי עס באדארפ צו זיין — שֶׁלֹּא כְּהֹגֶן, כִּדְבָעֵי
**באָד־געלט** — דְּמֵי מֶרְחָץ
**באד־גוי, באד־שגץ** — גּוֹי הַמֶּרְחָץ; בָּזוּי, שָׁפָל
**באדויערליך** = באדויערנסווערט
**באדויערן** (ג. bedauern) — הִצְטָעֵר עַל־, הָיֹה צַר לְ־ עַל־, חָמֹל עַל־
איך באדויער איהם — צַר לִי עָלָיו
צום באדויערן — לְצַעֲרִי, לְדַאֲבוֹנִי
**באדוערנס־ווערט** — רָאוּי לְחֶמְלָה, מַעֲצִיב, יֵשׁ לְהִצְטָעֵר
**באָדזען** = באָצקען — נָגֹחַ, נָגֹף
**באָד־יונג** — בָּזוּי, שָׁפָל
**באָדיי** = באָדאי
**באַדייט** — באדייטונג
**באַדייטונג** — מַשְׁמָעוּת, פֵּשֶׁר; חֲשִׁיבוּת, עֵרֶךְ
וואס איז דאס ־ דערפון — מַה פֵּשֶׁר הַדָּבָר
ס׳האט קיין שום באדייטונג — אֵין לוֹ כָּל עֵרֶךְ
דאס ווארט האט פארשידענע באדייטונגען — הוֹרָאוֹת שׁוֹנוֹת לְמִלָּה זוֹ
**באדייטונגספול** — רַב עֵרֶךְ
**באַדייטען** (ג. bedeuten) — הוֹרֵה, פָּרֵשׁ, בָּאֵר
דאס באדייט אז — זֹאת אוֹמֶרֶת כִּי־
וואס קאן דאס באדייטען? — מַה פֵּירוּשׁוֹ, מַה טִיבוֹ, מַה מַשְׁמָעוּתוֹ? מַה מְלַמְּדֵנוּ זֶה?
**באדייטענד** — חָשׁוּב, נִכְבָּד, הָגוּן לְמַדַּי
באדייטענד גרויס — גָּדוֹל לְמַדַּי
באדייטענדע צאהל — מִסְפָּר הָגוּן
**באדינג** = באדינגונג
**באדינגונג** (ג. Bedingung) — תְּנַאי, מְנָת
מיט דער באדינגונג אז... — בִּתְנַאי, עַל מְנָת כִּי־
**באדינגען** — הַתְנֵה; שָׂכֹר אֶת־
זיך — הַתְנֵה עִם־
**באדינונג** — שֵׁרוּת, שִׁמּוּשׁ
**באדינטער** — מְשָׁרֵת, מְשַׁמֵּשׁ
**באדינען** — שָׁרֵת אֶת־, שַׁמֵּשׁ אֶת־, יָצֹק מַיִם עַל יְדֵי־
זיך — הִשְׁתַּמֵּשׁ בְּ־
**באדינער** = באדינטער
**באדירפנים** = באדערפעניש
**באדען** (ג. baden) — רָחֹץ
הייס געבאדען — חַם הַמֶּזֶג, מְרֻתָּח, קְצַר אַפַּיִם, כַּעֲסָן
זיך — הִתְרַחֵץ
אין געלט — טָבֹל בַּכֶּסֶף, בַּשֶּׁמֶן רַגְלוֹ, הָיֹה לְ־ שֶׁפַע כֶּסֶף
**באָדען** (ג. Boden) — קַרְקַע, יְסוֹד
אויף א פעסטען באדען — עַל יְסוֹד חָזָק
זיך שטעלען אויף א פעסטען באדען — הִתְבַּסֵּס
**באד־קלייד** — בַּלְנָר, מָאנֵי דִמְסוּתָא
**באדענקען** — חָשֹׁב, הִתְבּוֹנֵן
זיך — הִתְחַשֵּׁב, הִתְבּוֹנֵן; הִמָּלֵךְ, הִנָּחֵם, הִתְחָרֵט מִמַּחֲשַׁבְתּוֹ
ער האט זיך ניט באדענקט — לֹא הִתְחַשֵּׁב, לֹא הִתְבּוֹנֵן
באדענק זיך! — חֲשׁוֹב הֵיטֵב! הִתְבּוֹנֵן נָא! הִמָּלֵךְ נָא!
איך האב זיך באדענקט — נִמְלַכְתִּי, נִחַמְתִּי

חַלַאת — חֹלִי, חֳלִי, מַחֲלָה
חֵלֶב = פעטס
א חלב׳נע ליכט — נֵר חֵלֶב
חלה = בולקע — גְלוּסְקָא, לֶחֶם חִטִּים
נעהמען חלה — הָרֵם חַלָּה
אַז מע זוכט חלה פאַרלירט מען ברויט — הָרוֹדֵף אַחֲרֵי גְלוּסְקָאוֹת מְאַבֵּד לַחְמוֹ
באקען חלה — אָפֹה גְלוּסְקָאוֹת
די חלה קלעקט ניט אויף המוציא — אֵין הַקֹּמֶץ מַשְׂבִּיעַ אֶת הָאֲרִי
חלול־השם — אנ׳עברה פאר גאָט
חלום = טרוים
א חלום! — אַף חֲלוֹם הוּא!
אַ בייזער חלום — חֲלוֹם רָע
קומען צו חלום — בֹּא אֶל בַּחֲלוֹם, הֵרָאֵה בַחֲלוֹם לְ־
ער געהט אַרום צו חלום — הוּא בָּא בַּחֲלוֹם אֶל־
אלע חלומות אויף דיין קאָפּ — כָּל חֲלוֹמוֹתַי יָחוּלוּ עַל רֹאשְׁךָ
אויסבטל׳ען אַלע חלומות — שָׁפֹךְ כָּל חֲלוֹמוֹתָיו עַל־
איך האָב געהאַט אַ חלום — חֲלוֹם חָלַמְתִּי
חלומ׳ען זיך — חָלֹם, רָאֹה בַחֲלוֹם
ס׳האָט זיך מיר אפילו ניט געחלומ׳ט — אַף לֹא חָלַמְתִּי
וואָס מע רעדט בייטאָג חלומט זיך ביינאכט — אֵין אָדָם רוֹאֶה בַחֲלוֹמוֹ אֶלָּא מֵהִרְהוּרֵי לִבּוֹ
ס׳האָט זיך איהם געחלומט אַ גוטער חלום — חֶלְמָא טָבָא חֲזָא
חלוף = בייט
מאכען אַ חלוף — הַחֲלֵף אֶת־ בְּ־, עָשֹׂה חֲלִיפִין
חלוק = צעטיילונג, אונטערשיד
אין חשבון — דיוויזיאָן — מְלֶאכֶת הַחִלּוּק
וואָס איז דער חלוק? — מַאי נַפְקָא מִינָהּ
חלוקה — צוטיילונג
חלילה, חלילה וחס = גאָט באַוואָהר!
חָליען — חָלֹה, שָׁכֹב חוֹלֶה
חליפּושניק = חניפושניק — חוֹנֵף גַּס
חליצה = אַראָפציהונג
נעהמען חליצה — חָלֹץ נַעַל־, קַבֵּל חֲלִיצָה
גיבען חליצה — נָתֹן לַחֲלוֹץ נַעַל־, נָתֹן חֲלִיצָה לְ־

חלל = לעדיג אָרט, רוים
חלף = שלאַכט מעסער — מַחֲלָף, חַלָּף
דער חלף ליגט אויפ׳ן האלז — חֶרֶב חַדָּה מוּנַחַת עַל צַוָּארִי
שאַרף ווי א חלף — חַד כְּחֶרֶב חַדָּה
חלפן = שֻׁלְחָנִי
חלפנות = עסק של חלוף מעות
חלק = טייל
האָסט איינגעלעגט אַ חלק? — הַאִם נָתַתָּ חֶלְקְךָ בְּ־? הֲיֵשׁ לְךָ חֵלֶק בְּ־?
האָסט דאָ קיין חלק ניט — אֵין לְךָ חֵלֶק בְּ־
גלייכע חלקים — חֵלֶק כְּחֵלֶק
חלשות = אָהנמאַכט
ער איז געפאלען אין חלשות — נָפַל מִתְעַלֵּף
ס׳טויג אויף חלשות — לֹא יִצְלַח לִמְאוּמָה
חולשי חלשות — עקעלהאַפט
בלייבען חלשות — הִתְעַלֵּף
חלשות-טראָפּען — נִטְפֵי נַשְׁדּוֹר
חלשות׳דיג — מְעוֹרֵר בְּחִילָה, גֹּעַל נֶפֶשׁ
חלש׳ן — הִתְעַלֵּף, נָפֹל בְּאֵין אוֹנִים, הִתְחַלֵּשׁ
ער חלש׳ט א טרינק — צָמֵא עַד כְּלוֹת כֹּחַ
ס׳חלשט מיר דאָס הארץ — חָלַשׁ לִבִּי מֵרְעָבוֹן, בּוּלְמוּס אֲחָזַנִי
ער חלש׳ט נאָך איהר — הוּא חוֹלֶה אַהֲבָתָהּ
דאָס חלש׳ן — הִתְעַלְּפוּת, הִתְחַלְּשׁוּת
חם — בּוּר, עַם הָאָרֶץ
חמולע — בֶּן־חָם, גַּס, בּוּר
חמור = עזעל
עס ווענדט זיך ווי דער חמור שטעהט — הַכֹּל תָּלוּי בִּזְמַן וּבְמָקוֹם
חמור-עזעל — חָשׁוּד עַל עֲרָיוֹת, נוֹאֵף, זַנָּאִי
חמץ = זויערס
אויסראמען דעם חמץ — בַּעֵר אֶת הֶחָמֵץ
בודק־חמץ זיין — בָּדֹק אֶת הֶחָמֵץ
חמשה־עשר — יום חמשה עשר בשבט; חַג-פֵּרוֹת
חן = גונסט, גראַציע
האָבען חן ביי — מָצֹא חֵן בְּעֵינֵי־
ס׳האָט דעם זיבעטען חן — חֵן כָּפוּל שִׁבְעָה לוֹ
אָנווערען דעם חן — אָבֹד חִנּוֹ
מאכען חן — סָרֵב, עָשֹׂה הַעֲוָיוֹת. כַּוָּנֵי חֵן
חן געהט איבער שעהן — חֵן עוֹלֶה עַל יֹפִי



אז מ׳טוט אָן אַ שטעקען שעהן האָט ער אויך חן — גַּם מַקֵּל מְקֻשָּׁט יַעֲלֶה חֵן
חן-בראָדעווקע — יַבֶּלֶת־חֵן
חן-גריבעלע — גוּמַּת חֵן
חנ׳דעל — הַעֲוָיַת־חֵן, תְּנוּעַת חֵן, כִּוּוּן חֵן
חנוכה — חַג הַחַשְׁמוֹנָאִים, חַג הָאוּרִים, חֲנֻכָּה
חנוכה־געלט — מָעוֹת שֶׁל חֲנֻכָּה
חנוכה-ליכטעל — נֵר שֶׁל חֲנֻכָּה
חנוכה לעמפעל — מְנוֹרַת חֲנֻכָּה
חנוכת הבית = הויז באַנייאונג
מאַכען אַ חנוכת־הבית — חָנֹךְ בֵּיתוֹ, עָשֹׂה חַג חֲנֻכַּת הַבַּיִת
חנ׳יודיג — מָלֵא חֵן
חניפה = שמייכלעריי — חֲנוּפָּה
חניפעניק — חוֹנֵף
חנפ׳ען — חָנֹף אֶת־
חנפ׳ער — חַנְפָן, חוֹנֵף
חסד = גונסט, וואוילטאט
גאָט זאָל מיט מיר טון חסד — יַעֲשֶׂה ד׳ עִמָּדִי חֶסֶד
ס׳איז נאָך מיט חסד — עוֹד לֹא נוֹרָאָה הַצָּרָה כָּל כַּךְ
חס וחלילה! — גאָט באהיט!
חסור — אראָפּרעכענען, מלאכת החסור, אַבסטראקציאָן
חס ושלום = גאָט בעוואָר!
חסיד = פרומער; אָנהענגער
חסיד׳אַרניע — כְּנוּפְיַת הַחֲסִידִים
חסיד׳יש — שֶׁל חָסִיד, כְּמִנְהַג חָסִיד
חסיד׳ל — חֲסִידוֹן, נִגּוּן חֲסִידִים
חסיד׳קע — חֲסִידָה
חסידות — האסידיזם
חָסר — חֹדֶשׁ שֶׁל כ״ט יוֹם
חסר־דעה׳ניק — חֲסַר דֵּעָה, מְטֹרָף
חסרון = פעהלער — חֶסְרוֹן
געפינען חסרונות — מָצֹא מוּמִים בְּ־
ס׳איז גיטאָ קיין מענש אָהן א חסרון — אֵין אָדָם בְּלִי חֶסְרוֹן, אֵין אָדָם צַדִּיק בָּאָרֶץ, אֵין צַדִּיק תָּמִים
חפה = באלדאַכין
שטעלען א חפה = בֹּא בִּבְרִית הַנִּשּׂוּאִין

חפץ = זאַך
חפציות (מאכען) — סֵרוּבִים, מֵאוּנִים
חצוף = אונפארשעמטער
חצופה — אונפארשעמטע, אויסגעלאסענע
חצות = האַלבע נאכט, מיטערנאַכט
אויפשטעהן צו חצות — קוּם לַעֲרוֹךְ חֲצוֹת
אָפריכטען חצות — עָרֹךְ חֲצוֹת
חצפה = אונפארשעמטקייט
חקירה = פאָרשונג, אויפקלערונג, דאָס פילאָזאָפירען
חקירה׳ן — חָקֹר, הִתְפַּלְסֵף
חקירה־ספר — סֵפֶר חֲקִירָה, סֵפֶר פִילוֹסוֹפִי
חקרן = פאָרשער, פילאָסאָף
חקרנ׳ען = פילאָזאָפירען
חָרב זיין — חָשֹׁשׁ בְּגוּפוֹ
חרב ווערען — הֶחָרֵב
חרב מאַכען — הַחֲרֵב
חרב ונחרב ווערען — הָיֹה, הֵעָשֵׂה חָרֵב וּמוּחֳרָב
חורבה = רואינע
חרבן = צושטערונג
חרוסת — תערובת פירות עם יין שטובלים בה בליל פסח
חרטה = רייע = נֹחַם
שכל און חרטה קומען תמיד צו שפּעט — שֵׂכֶל וַחֲרָטָה יָבֹאוּ תָּמִיד לְאַחַר הַמַּעֲשֶׂה
חרטה האָבען — הִתְחָרֵט, הִנָּחֵם, הִתְנַחֵם, שַׁנֵּה דִּבּוּרוֹ
חריף = שארף, שאַרפע קאָפּ
דער מענש איז אַ חריף — אָדָם חָרִיף הוּא
ווייץ איז היינט חריף — שַׁעַר הַחִטִּים עָלָה הַיּוֹם, הַחִטִּים בְּיֹקֶר הַיּוֹם
חריפות = שאַרפזין
וואָס פאר א חריפות? — מָה הוּא הַחִדּוּשׁ, הַפֶּלֶא?
חריפות׳דיג — נִפְלָא, מְצֻיָּן
חרוץ = שארפזיניג
חֵרם = באָיקאָט, אנאַטהעם — נִדּוּי, שַׁמְתָּא
אריינוואַרפען אין חרם — הַחֲרֵם, נַדֵּה, שַׁמֵּת אֶת־
אַרויפלעגען אַ חרם — הַטֵּל חֵרֶם עַל־, גָּזֹר נִדּוּי עַל־
זיין אין חרם — הָיֹה בְנִדּוּי; מְנֻדֶּה, מָחֳרָם
פרעג מיך בחרם — לֹא אֵדַע דָּבָר, לוּ גַּם תַּשְׁבִּיעֵנִי!

חרפה = שאַנד — חֶרְפָּה, כְּלִמָּה
א חרפה אין אַ זייט — אַל תָּשִׂים לִבְּךָ לְחֶרְפָּה
חשד = חֶשֶׁד
חשבון = רעכנונג, אריטמעטיק
אַז מע לעבט אָהן חשבון שטאַרבט מען אָהן ודוי — הַחַי בְּלִי חֶשְׁבּוֹן יָמוּת בְּלֹא וִדּוּי
אָפּגיבען חשבון — הַרְאֵה חֶשְׁבּוֹן, נָתֹן דִּין וְחֶשְׁבּוֹן לִפְנֵי־
א שניידערשער חשבון — חֶשְׁבּוֹן שֶׁל חַיָּט, שֶׁל גֻּזְמָא
א טעות אין חשבון — טָעוּת, שְׁגִיאָה בְּחֶשְׁבּוֹן
לעבען מיט חשבון — חָיֹה בְּחֶשְׁבּוֹן
אַ גלייכער חשבון — חֶשְׁבּוֹן שָׁוֶה, מִסְפָּר מְסוּיָּם
דער חשבון קומט ניט אויס — הַחֶשְׁבּוֹן אֵינוֹ עוֹלֶה יָפֶה
שטעלען א חשבון — רָשֹׁם חֶשְׁבּוֹן לְ־
האָבען אַ חשבון מיט — הִתְחַשֵּׁב עִם־, הָיֹה לְ־ חֶשְׁבּוֹן עִם־
אויף מיין חשבון — עַל חֶשְׁבּוֹנִי
חשבונ׳ען — חָשֹׁב
חשד = פאַרדאַכט — חֶשֶׁד (חֲשָׁדִים)
חשוב = געאַכטעט
ער איז דאָרט א גרויסער חשוב — הוּא שָׁם חָשׁוּב גָּדוֹל
חשון — שם החדש השני כשמונין מתשרי, יֶרַח בּוּל, חֶשְׁוָן
חשיבות = פארנעהם, געאכטקייט
ער איז דאָרט א חשיבות — הוּא שָׁם חָשׁוּב מְאֹד
די זאַך איז א חשיבות — חֵפֶץ יָקָר הוּא, יְקַר הַמְּצִיאוּת
חשך = פינסטערניש
אין דרויסען איז חשך — חֹשֶׁךְ וַאֲפֵלָה בַּחוּץ
ס׳טוט זיך דאָרטען חשך — מְהוּמָה וּמְבוּכָה שָׁם
חשכות = חֹשֶׁךְ
חשק = לוסט
איך האָב קיין חשק ניט — אֵין נַפְשִׁי אֶל־, אֵין אֶת נַפְשִׁי
אונטערגיבען חשק — זָרֵז אֶת־
אָהן חשק — בְּלִי חֶמְדָּה

חשש — זאָרג, מורא
חת־דרגא — נְחוּת־דַּרְגָּא
חתוך = באשניידונג
מכבד זיין מיט חתוך — כַּבֵּד אֶת בְּחִתּוּךְ (בברית מילה)
חתוך הדבור — ריינע, שאַרפע אויסשפּראַך
חתימה = אונטערשריפט
לעגען אַ חתימה — חָתֹם עַל־
אַ חתימה טובה — חֲתִימָה טוֹבָה
חתונה = האָכצייט = הִלּוּלָא, נִשּׂוּאִים, כְּלוּלוֹת
האָבען (זכר) — נָשֹׂא, לָקֹחַ אִשָּׁה, בֹּא בִּבְרִית הַנִּשּׂוּאִים
״ (נקבה) — הִנָּשֵׂא, הִלָּקַח לְאִישׁ
מאכען — הַשֵּׂא אֶת־, זַוֵּג
ער האָט איהם שעהן חתונה געמאכט — הִצִּיג אוֹתוֹ כְּלִי רֵיק
א חתונה אָהן כלי־זמר — חֲתוּנָה בְּלֹא מְנַגְּנִים
ער האָט דאָרט אָנגעמאַכט א חתונה — עָשָׂה שָׁם מְבוּכָה וּמְהוּמָה
טאנצען אויף יענעמס חתונה — שָׂמֵחַ לְאֵיד חֲבֵרוֹ
פאר וועמען האָט ער חתונה געהאַט — אֶת מִי נָשָׂא?
אַז אַן אָרימאַן מאכט חתונה טראָגען הינט גאנצע קעפּ — כְּשֶׁעָנִי יַעֲשֶׂה מִשְׁתֵּה חֲתוּנָה יִשְׂאוּ הַכְּלָבִים רָאשִׁים שְׁלֵמִים (כלומר לא ראשי כבש ואַיִל אך ראשיהם הם. והוא משל חד דמשתמע לתרי אַנפּין)
טאַנצען אויףביידע חתונות — הָיֹה בְּפָנִים לְכַאן וּבְפָנִים לְכַאן, הָיֹה מִשְּׁנֵי הַצְּדָדִים
חתונה־קליידער — בִּגְדֵי חֲתוּנָּה, מַלְבּוּשֵׁי־
חתמ׳ענען — חָתֹם שְׁמוֹ עַל־
חתן = ברויטיגאַם
אַ חתן ווערען — הָיֹה לְחָתָן, אָרֹשׂ אֶת־
חתן׳ס צד — צַד הֶחָתָן
מע שפּילט דעם חתן וויינענדיג און ער האָט זיינס אין זינען — הַמְנַגְּנִים יְעוֹרְרוּ אֵבֶל וְהֶחָתָן בְּשֶׁלּוֹ
חתן־בחור — בָּחוּר שֶׁנִּתְבַּגֵּר
חתן־מאָל — שִׂמְחַת־חָתָן, עֶרֶב שֶׁל חָתָן



ט — האות התשיעית בא״ב העברי והיהודי במספר ערכה תשעה = 9
טאָ (פ. to) — אִם כֵּן, אֵפוֹא, זֶה — ולרוב אינה מתרגמת
טאָ טו זשע אזוי — עֲשֵׂה אֵפוֹא כַּךְ
טאָ פאַר וואָס געהסטו ניט? — לָמָּה זֶה אֵינְךָ הוֹלֵךְ?
טאָ וואָס זשע זאָגסטו? — אִם כֵּן אֵפוֹא מַה אַתָּה אוֹמֵר?
טאַ! (ta) — טוֹב! יְהִי!
טאַבאַטשניק (ר. табачникъ) — מוֹכֵר טַבַּק
טאַבאַק (tabak) — טַבַּק, תִּתּוּן
א שמעק טאַבאַק — קֹמֶץ טַבַּק
ס׳איז ווערט א שמעק טאַבאק — שָׁוֶה קְלִפַּת הַשּׁוּם
טאַבאַקערקע (ר. табакерка) — קֻפְסַת טַבַּק
טאַבאַק־פּושקע = טאבאקערקע
טאַבון (ר. табунъ) — עֵדֶר סוּסִים
טאַבורעט (taboret) — סַפְסָל מְרֻבָּע, טַבּוּרֶט, שְׁרַפְרַף
טאַבליטשקע — טַבְלִית
טאַבליצע (ר. таблица) — טַבְלָה, שֶׁלֶט
טאַבעל־טאָג — יוֹם גְּנוּסְיָא, יוֹם מֶלֶךְ
טאַבעלע (tabelle) — לוּחַ, טַבְלָה, רְשִׁימָה
כפל טאַבעלע — לוּחַ כֵּפֶל, לוּחַ פִּיתָגוֹרֵס
טאַבעלטיר (tablature) — הַתְאָמָה, הַסְכָּמָה עִם־
צום טאַבעלטיר — בְּהֶסְכֵּם עִם־, בְּהַתְאָמָה עִם־
טאַבעקע = טאַבאַק
טאָג (ג. Tag) — יוֹם
צוויי טעג — יוֹמַיִם
ביי טאָג — בַּיּוֹם, יוֹמָם
אין מיטען העלען טאָג — בְּעֶצֶם הַיּוֹם

ביי־טאָג און ביינאַכט — יוֹמָם וָלַיְלָה, בַּיּוֹם וּבַלַּיְלָה
עס ווערט טאָג — הַבֹּקֶר יָאִיר, הַשַּׁחַר עוֹלֶה
טאָג אויף טאָג — יוֹם אַחַר יוֹם, יוֹם יוֹם
טאָג־טעגליך — יוֹם יוֹם, מִדֵּי יוֹם בְּיוֹמוֹ
די טעג וועל איך קומען — אָבֹא בַּיָּמִים הַקְּרוֹבִים
אַ טאָג איבער אַ טאָג — בְּכָל שְׁנֵי יָמִים, יוֹם אַחַר יוֹם בְּסֵרוּגִין
ביז היינטיגען טאָג — עַד הַיּוֹם הַזֶּה
אַ גוטען טאָג! — שָׁלוֹם! הֱיֵה בְּטוֹב, חֲיֵה בְּטוֹב!
אויף היינטיגען טאָג — עַד הַיּוֹם, לְעוֹלָם וָעֶד
לעבען אַ גוטען טאָג — הִתְעַנֵּג בַּחַיִּים, רָאֹה חַיִּים
עסען טעג — אָכֹל יָמִים (עַל שֻׁלְחַן אֲחֵרִים)
אַ נעכטיגער טאָג — לֹא הָיוּ דְּבָרִים מֵעוֹלָם, יוֹם אֶתְמוֹל, דָּבָר בָּטֵל
ס׳איז שוין טאָג — כְּבָר הֵאִיר הַיּוֹם
ביז היינט צו טאָג — עַד הַיּוֹם הַזֶּה
יאָהר און טעג געהען אַוועק — יָמִים וְשָׁנִים עוֹבְרִים לְבַטָּלָה
פאַר אַכט טאָגען — לִפְנֵי שָׁבוּעַ יָמִים
איבער אכט טאָג — בְּעוֹד שָׁבוּעַ
קלאָר ווי דער טאָג — בָּרוּר כַּשֶּׁמֶשׁ
זיכער ווי דער טאָג — נָכוֹן כִּנְכוֹן הַיּוֹם
טאָג ווי נאַכט — יוֹמָם וָלַיְלָה
ס׳איז שוין האַלבער טאָג — כְּבָר הִגִּיעַ חֲצִי הַיּוֹם, כְּבָר נָכוֹן הַיּוֹם
אַ גאַנצען טאָג — כָּל הַיּוֹם
ער לויבט איהם אין טאָג אַריין — תְּהִלָּתוֹ בְּפִיו תָּמִיד
צאָהלען אין טאָג אַריין — שַׁלֵּם לְאֵין שִׁעוּר
אָט די טעג — בַּיָּמִים הָאֵלֶּה
מיט׳ן טאָג גלייך — כְּאוֹר הַיּוֹם

בראָך טאָג — כַּעֲלוֹת הַשַּׁחַר
פון טאָג צו טאָג — מִיּוֹם לְיוֹם
אין דעם זעלבען טאָג — בּוֹ בַּיּוֹם, בְּאוֹתוֹ יוֹם
פאַר טאָג — בְּעוֹד לַיְלָה
ס'איז שוין גרויסער טאָג — כְּבָר נָכוֹן הַיּוֹם
אויף מיין לעבענס טאָג — כָּל יְמֵי חַיַּי, מִיָּמַי
אַ קינד פון אַ טאָג — תִּינוֹק בֶּן יוֹמוֹ
טאָג־אַרבייט — עֲבוֹדַת יוֹם
טאָג־אַרבייטער — שְׂכִיר יוֹם
טאָג־אָרדנונג — סֵדֶר הַיּוֹם
טאָג־בוך — יוֹמָן. סֵפֶר זִכְרוֹנוֹת
טאָג־בלאַט — עִתּוֹן יוֹמִי, יוֹמוֹן
טאָגען (ג. tagen) — בַּלֵּה יָמִים; עָלֹה הַשַּׁחַר
ס'טאָגט שוין — הַשַּׁחַר עוֹלֶה, הַבֹּקֶר יָאִיר, בַּרְקַאי!
" " = ס'גערט אוים — הוֹלֵךְ וְכָלָה
וואו ער טאָגט דאָרט נעכטיגט ער ניט — בַּמָּקוֹם שֶׁהוּא מְבַלֶּה יוֹמוֹ לֹא יָלִין בַּלַּיְלָה, בַּיּוֹם כַּאן וּבַלַּיְלָה בְּמָקוֹם אַחֵר
טאָג־צייטונג = טאָג־בלאַט
טאַדעל — גִּדּוּף, נְאָצָה, (תִּפְלָה) דֹּפִי
טאַדעלן (ג. tadeln) — חָרֵף, גַּדֵּף, נָאֹץ, נַאֵץ
טאָוועל (ג. Tafel) — לוּחַ; כִּסּוּי (על ספר)
פון טאָוועל צו טאָוועל — מֵרֹאשׁ וְעַד סוֹף
טאַט (ג. Tat) — מַעֲשֶׂה, פֹּעַל, פְּעֻלָּה, מִפְעָל, מַעֲלָל, עֲלִילָה
טאַטאַרסקי זיליע (פ. tatarskie ziele) — סוּף, קַלְמוּס
טאַטואירען (צ. tatouer) — כָּתֹב כְּתָב קַעֲקַע
טאַטע (פ. tata) — אָב, אַבָּא
טאַטע מיינער! — אָבִי, אָבִי!
טאַטע זיסער! — אֵל רַחוּם, אֵל חֶסֶד, אָבִינוּ אָב הָרַחֲמָן!
טאַטע אין הימעל! — אָבִינוּ שֶׁבַּשָּׁמַיִם
אַ טאַטענס אַ קינד — בַּר אֲבָהָן, בֶּן טוֹבִים
זיך רעכענען ווי מיט אַ טאַטען — הִתְחַשֵּׁב כְּעִם אָב
טאַטע! — אָבִי! אַבָּא!
טאַטע־מאַמע — אָבוֹת, הוֹרִים, אָב וָאֵם
ער קאָן שוין זאָגען טאַטע מאַמע — יוֹדֵעַ לִקְרוֹת אַבָּא אִמָּא

טאָטער (tatar) — קֵדָר, תַּתָּר
א האַרץ פון אַ טאָטער — לֵב אַכְזָר, אַבִּיר לֵב, אֱמוֹרִי
טאָטערש — תַּתָּרִי; לְשׁוֹן קֵדָר
טאָטש ווטאָטש (ר. точь въ точь) — אוֹת בְּאוֹת
טאָטשען (ר. точить) — נַקֵּר
עמיצען די גאל — הַכְעֵס, הַרְעֵם אֶת־, כַּרְסֵם לֵב־
טאַטשקע (ר. тачка) — עֶגְלַת אוֹפָן אֶחָד, חַדּוֹפָן
טאַטשקע־אַרבייט — עֲבוֹדַת פֶּרֶךְ
טאַינע (ר. тайно) — בְּסֵתֶר, חֶרֶשׁ
טאַינע סאָוועטניק — יוֹעֵץ סְתָרִים
טאַיען (ר. таить) — הַחְבֵּא, הַסְתֵּר, הַעֲלֵם
זיך — הִסָּתֵר מִפְּנֵי, הִסְתַּתֵּר
טאָכטער (ג. Tochter) — בַּת (ר. טעכטער)
טאָכטער! — בִּתִּי!
טאָל (ג. Tal) — עֵמֶק, גַּיְא, בִּקְעָה
טאַלאָן (talon) — תָּלוּשׁ
טאַלאַנט (talent) — כִּשְׁרוֹן
טאַלאַנטלאָז — בְּלִי כִּשְׁרוֹן
טאַלאַנטליוו = טאַלאַנטפול — מְחוֹנָן
טאַלאַנטפול — בַּעַל כִּשְׁרוֹן, מָלֵא רוּחַ
טאַלירען = טאַסעווען
טאַליסמאַן (talisman) — קָמֵיעַ, טַלִּיסְמָא
טאַליע (taille) — גִּזְרָה, מֹתֶן
א טאַליע קאָרטען — עֵרֶךְ, צְרוֹר קְלָפִים, סַוָּר שֶׁל קְלָפִים
טאָלמאַטש (ג. Dolmetscher) — מֵלִיץ, תֻּרְגְּמָן, מְתֻרְגְּמָן
טאַלמע — טַלְמָא (מעיל נשים)
טאַלענט = טאַלאַנט
טאַלענט (וואָג) — כִּכָּר
טאַלענטירטער — בַּעַל כִּשְׁרוֹן
טאָלעראַנט (tolérant) — סַבְלָן
טאָלעראַנץ (Toleranz) — סַבְלָנוּת
טאָלער (ג. Thaler) — שֶׁקֶל גֶּרְמַנִי
טאָלעפּוּם — כְּרַסְתָּן
טאָלערירען = דולדען — סָבֹל
טאָלק (ר. толкъ) — הֶסְבֵּר, סֵדֶר, מוּבָן
מע קאָן ניט דערגעהן קיין טאָלק — אִי אֶפְשָׁר לִתְפּוֹס מוּשָּׂגוֹ, אֵין לְהָבִין־
אָהן אַ טאָלק — בְּלִי סֵדֶר, צַלְמָוֶת וְלֹא סְדָרִים
ער ווייסט ניט קיין טאָלק אין דרינען — אֵין לוֹ כָּל מוּבָן בָּזֶה, אֵינוֹ מוֹצֵא בוֹ יָדָיו וְרַגְלָיו
היינט געה דערגעה א טאָלק — וְעַתָּה צֵא וּתְפֹס מוּבָנוֹ
ער רעדט מיט טאָלק — הוּא מְדַבֵּר בְּהַשְׂכֵּל



טאָלקעווען (ר. толковать) — הַסְבֵּר, בָּאֵר, פָּרֵשׁ
טאָם (tome) — חֵלֶק, טוֹמוֹס
טאַמאָזשנע (ר. таможня) — בֵּית־מֶכֶס
טאָמאַט (tomate) — עַגְבָנִית
טאַמבור (tambour) — תֹּף, טַנְבּוּר
טאַמבוריסט — טַנְבּוּרָן
טאָמבאָלאַ (tombola) — הַגְרָלָה
טאַמבעק — נְחֹשֶׁת קָלָל, פְּלִיז
טאַמבעק'ן — שֶׁל נְחֹשֶׁת קָלָל
טאַמעוואַטע = תם־עוואַטע
טאָמער — אוּלַי, אֶפְשָׁר, שֶׁמָּא (תֹּאמַר?)
טאָמער איז מעגליך — אוּלַי אֶפְשָׁר
טאָמער פאַרקערט? — שֶׁמָּא לְהֶפֶךְ, אֶפְשָׁר אִפְּכָא מִסְתַּבְּרָא
איך האָב מורא טאָמער באַצאָהלט ער ניט — יָרֵא אָנֹכִי פֶּן לֹא יְשַׁלֵּם
טאָמער קומט ער זאָלסטו איהם זאָגען אַז... — אִם יָבֹא תֹּאמַר לוֹ כִּי...
און גאָך אַלעמען — טאָמער — כְּלֵי הַאי וְאוּלַי
טאָן (ton) — קוֹל, טוֹן
א פעסטער טאָן — קוֹל אַמִּיץ
נעהמען אַ טאָן — הַשְׁמֵעַ, הוֹצֵא קוֹל
א פאַלשער טאָן — טוֹן לֹא נָכוֹן
דער גוטער טאָן — דֶּרֶךְ אֶרֶץ, נִמּוּס
גיבען דעם טאָן — הַרְאֵה דוּגְמָא, הָיֹה לְמוֹפֵת, הוֹרֵה דֶרֶךְ
= וואָג — (1000 קילאָ) — טוֹנָה (tonne)
טאָן־גיבער — מוֹרֵה דֶרֶךְ
טאַנדייט (פ. tandet) — בְּגָדִים יְשָׁנִים; מְלָאכָה פְּחוּתָה
ער האנדעלט מיט טאַנדעט — הוּא סוֹחֵר בִּבְגָדִים יְשָׁנִים, פְּחוּתִים
טאַנדייטניק — סוֹחֵר בִּבְגָדִים יְשָׁנִים, ־פְּחוּתִים
" " — חַיָּט גַּס, פָּשׁוּט, פָּחוּת

טאַנדייטנע — פָּחוּת, גַּס
מאַכען — עָשֹׂה כִּלְאַחַר יָד
טאַנטע (ג. Tante) — דוֹדָה
טאַניקלאט — סָטִין, טַנִּיקְלָט
טאָנלייטער (ג. Tonleiter) — סֻלַּם הַקּוֹלוֹת, גַּמָּה, דַּרְגָּה
טאַנענבוים (ג. Tanne) — אַשּׁוּחַ
טאָנעס = תַּעֲנִית
טאַנץ — מָחוֹל, רִקּוּד, חִנְגָּה (טענץ)
קיין טאַנץ געהט ניט פאַר קיין עסען — אֵין פּוֹטְרִין אֲכִילָה בְּמָחוֹל
ער לויפט ווי צום טאַנץ — רָץ כְּאֶל מָחוֹל
טאַנץ־זאַל — אוּלַם־מָחוֹל, ־רִקּוּד
טאָנצייכען — נְגִינָה (בדקדוק), תָּו נְגִינָה
טאַנצען (ג. tanzen) — חוּל, פַּזֵּז, רַקֵּד, כַּרְכֵּר, חָגֹג, יָצֹא בְמָחוֹל
אַרום עמיצען — סוֹבֵב אֶת־, שַׁמֵּשׁ אֶת־
אויף יענעמס חתונה — שָׂמֵחַ לְאֵיד חֲבֵרוֹ
דאָס טאַנצען — רְקִידָה
טאַנצמייסטער — מוֹרֵה־מָחוֹל, מְנַצֵּחַ עַל הַמְּחוֹלוֹת
טאַנץ־קלאַס — בֵּית סֵפֶר לִמְחוֹלוֹת
טאַס (ג. Tasse) — טַס
טאָסט (Toast) — כּוֹס בְּרָכָה, לְחַיִּים (הַקֵּשׁ, הַגֵּשׁ כּוֹסוֹת)
טאַסמע = טאַשמע — פְּתִיל, גְּמוֹנְיָה, סֶרֶט
טאַסעווען, טאַסען (ר. тасовать) — נַעֵר קְלָפִים
טאַסקעזיליע = טאַטאַרסקי־זיליע — כְּרַבָּא דְמַיָּא, כְּרַבַּת הַמַּיִם
טאַסקען (ר. таскать) — נָשֹׂא, מָשֹׁךְ, סָחֹב
ברענגען צו טאַסקען — הָבֵא, מָשֹׁךְ וְהָבֵא
טאָפּ (ג. Topf) — סִיר, קְדֵרָה, פָּרוּר, קַב
מיט וואס דער טאָפּ איז אָנגעברענט דערמיט שמעקט ער — נוֹדֵף מֵהַסִּיר רֵיחַ מִמַּה שֶּׁבִּשְּׁלוּ בוֹ
אַ כשר'ער טאָפּ מיט אַ כשר'ער לעפעל — כָּשֵׁר מִכָּל צַד
טאַפּ — מִשּׁוּשׁ
אַ טאַפּ אין וואָגען — תָּהֹה עַל קַנְקַן־
גיבען א טאַפּ — מַשֵּׁשׁ
טאָפּאַז (ג. Topaze) — פִּטְדָה

טאָפּאָל־בוים = טאָפּאָליע
טאָפּאָליע (ר. тополь) — צַפְצָפָה
טאָפּאָרישטשע (ר. топорище) — יַד גַּרְזֶן
טאָפּ־געבראָטענס — צְלִי־קְדֵרָה
טאַפּט (tafta) — טַפְטָה, אֵטוּן מֶשִׁי
טאָפּטאַק (פּ. deptak) — רֵיחַיִם (של סוסים)
טאַפּטשאַן (פּ. tapczan) — מִשְׁכַּב קְרָשִׁים
טאָפּטשען (ר. топтать) — בּוֹס, דָּרֹךְ, רָמֹס
טאַפליע (פּ. tafla) — לוּחַ זְכוּכִית, זְגוּגִית, שִׁמְשָׁה
אַריינשטעלען אַ טאַפליע — שִׂים זְכוּכִית בְּ־
ארויסנעהמען איין טאַפליע און אַריינשטעלען די אַנדערע — לְוֹה מִזֶּה וְסַלֵּק לָזֶה
טאַפּעט (ג. Tapete) — כְּבִיר, מַרְבָד, תָּפִית, טַפִּיט, שָׁטִיחַ
טאַפעל (ג. Tafel) — לוּחַ
טאָפּעל = דוּבּעל (ג. doppel) כִּפְלַיִם, כָּפוּל מִשְׁנֶה, פִּי שְׁנַיִם
טאָפּלען (ג. doppeln) — כָּפֹל, הַכְפֵּל
טאַפּען (ג. tappen) — מַשֵּׁשׁ, מַשְׁמֵשׁ, גַּשֵּׁשׁ
טאָפּען = טוּפּען
טאַפּעצירען (ג. tapezieien — סָפֹן, צַפֵּה
טאַפּעצירער — מְצַפֶּה (כתלים, כלים)
טאָפּרישטשע = טאָפּאָרישטשע
טאַץ (ג. Tasse) — טַס, מַגָּשׁ
טאַצען (אין מוזיק) — מְצִלְתַּיִם
טאָק — אָבְנַיִם שֶׁל חָרָט
ווי אַ טאָק — כְּמַעֲשֵׂה חָרָט
טאָקאַרניע (ר. токарня) — מְכוֹנַת חָרָט, מַחְרֵטָה
טאָקאַר — חָרָט
טאַקט (ג. Takt) — מִשְׁקַל־, קֶצֶב נְגִינָה; טַקְט, נִמּוּס
ער טאנצט צום טאקט — מְחוֹלֵל לְפִי הַקֶּצֶב, לְפִי הַטַּקְט
א מענש אָהן טאקט — אִישׁ בְּלִי נִמּוּס
טאַקטיק (ג. Taktik) — תַּכְסִיס, תַּכְסִיסֵי מִלְחָמָה
טאַקטיש — בְּתַכְסִיס, ע״פ חֻקֵּי הַתַּכְסִיס; נִמּוּסִי, תַּכְסִיסִי

טאַקי (פּ. taki) — אָמְנָם, כֵּן, גַּם, אָמְנָם
אין אמת׳ן טאקי — וְגַם אָמְנָה
טאקי אַזוי — אָמְנָם כֵּן, בְּוַדַּאי כֵּן
וועל איך טאקע נעבאָרען? — הַאַף אָמְנָם אֵלֵד?
אמת טאַקי — אָמְנָם כֵּן
טאַקי אין דעם טאָג — בְּאוֹתוֹ יוֹם גּוּפוֹ
טאַקסירונג — הַעֲרָכָה, שׁוּמָה
טאַקסירען (ג. taxieren) — הַעֲרֵךְ, שׁוּם
טאַקסע (Taxe) — מֶכֶס, טַכְסָה; קוּפַּת הַבָּשָׂר
אָפּנעהמען די טאַקסע — חָכֹר הַטַּכְסָה, קוּפַּת הַבָּשָׂר
טאַקע = טאַקי
טאָקען (ר. точить) — חָרֹט, חָרֵט
ליגנים — תָּאֵר שְׁקָרִים
טאָקער (токаръ) — חָרָט
טאָקערש — שֶׁל חָרָט
טאַראַבאַן (פּ. taraban) — תֹּף גָּדוֹל
טאַראַבאַנען — תּוֹפֵף, הַכֵּה בְתֹף
טאַראַנטאַס (tarantas) — עֲגָלָה גְדוֹלָה, טָרַנְטַס
טאָראָפּאַטשען זיך (ר. трепетать) — פַּרְפֵּר, הִתְחַלְחֵל, פַּרְכֵּס
טאַראַקאַן (ר. таракань) — מַקָּק
טאַראַראַם (ר. тарарамъ) — הֲמוּלָה, שָׁאוֹן, טַרַרַם
טאַראַראַמען — הָמֹה, שָׁאוֹן, סָאוֹן
טאַראַשטשען (די אויגען) (ר. таращить) הַרְחֵב, לָטֹשׁ עֵינָיו
טאָרבע (פּ. torba) — תַּרְמִיל, יַלְקוּט, צִקְלוֹן
מיט אַ טאָרבע אין די הייזער — חָזֹר עַל הַפְּתָחִים
אַ זיידענע טאָרבע — עָנִי בֶּן טוֹבִים
טאָרג (ר. торгъ) — מִסְחָר, מַשָּׂא וּמַתָּן; הִתְחָרוּת סוֹחֲרִים
טאָרגעווען (ר. торговать) — סָחֹר, נָשׂא וְנָתֹן, שָׁקֹל וְטָרֹה
טאָרט (Tarte) — טָרִית
טאָרט׳ן — שֶׁל טָרִית
טאַריף (tarif) — תַּעֲרִיף (רשימת המחירים)
טאָרמאָז (ר. тормозъ) — מַעְצוֹר, בַּלָּם
טאָרמאָזירען — בַּלֵּם



טאָרמאָשען (ר. тормошить) — הָנֵעַ, זַעֲזֵעַ אֶת־
טאַרעווען — נָתֹן הַטָּרָה (על המאזנים)
טאָרען = טאָרמאָשען
טאָרען — הָיֹה מֻתָּר, רְשַׁאי
מע טאָר ניט — אָסוּר
דו טאָרסט ניט — אָסוּר לְךָ, אִי אַתָּה רַשַּׁאי
מע טאָר ניט רויכערן — אָסוּר לְעַשֵּׁן
וואָס מע טאָר ניט גלוסט זיך — מַיִם גְּנוּבִים יִמְתָּקוּ
טאַרע (צ. tare) — טָרָה (משקל הכלי או החתולים בסחורה)
טאָרף (ג. Torf) — כָּבוּל, בִּצָּה עָבָה
טאַרפּענטין (ג. Terpentin) — שְׂרָף אֵלָה
טאָרקע = ריבאַייזען
גיבען אַ טאָרקע — נָתֹן דְּחִיפָה, דָּחֹף אֶת־
טאָרקען (ר. торкать) — דָּחֹה, דָּחֹף, הָדֹף
טאַש (ג. Tasche) — כִּיס
טאַשמע (פּ. taśma) — גְּמוֹנְיָה, פְּתִיל, סֶרֶט
טאַשען־אויסגאַבע — הוֹצָאַת סִפְרֵי כִּיס
טאַשען־געלט — כֶּסֶף שֶׁל כִּיס, הוֹצָאוֹת קְטַנּוֹת
טאַשען־ווערטערבוך — מִלּוֹן שֶׁל כִּיס
טאַשען־טוך — מִטְפַּחַת־אַף
טאַשען־אוהר — שָׁעוֹן שֶׁל כִּיס
טאַשען־שפּילער — מְאַחֵז עֵינַיִם, מוּקְיוֹן
טבע = נאַטור = תְּכוּנָה
ער האָט אַזאַ טבע — טִבְעוֹ כַּךְ, דַּרְכּוֹ בְּכַךְ
ס׳איז מיר איבער דער טבע — נֶגֶד טִבְעִי הוּא
ס׳איז אַ דרך הטבע — מִנְהָגוֹ שֶׁל עוֹלָם כַּךְ, כַּךְ הוּא דֶּרֶךְ הַטֶּבַע
טבת — שם החדש העשירי כשמונין מניסן
טהאַט = טאַט
טהאָל = טאָל
טהאָן = טוּן
טהיר = טיר
טהרה = רייניגונג, ריינקייט
טהרה־וואַסער — מֵי־טָהֳרָה
טהרה־שטיבעל — חֲדַר־טָהֳרָה
טואַלעט (צ. toilette) — תִּלְבֹּשֶׁת
מאכען — הִתְלַבֵּשׁ

טובה = גוּטסקייט
טוּ מיר אַ טובה — עֲשֵׂה עִמִּי טוֹבָה, חֶסֶד
איך בּיט דיך קיין טובות ניט — אֵינִי מְבַקֵּשׁ מִמְּךָ חֲסָדִים
איך בּין דיר מוחל דיינע טובות — שְׁקִילִי טִיבוּתָךְ וְשָׁדִי אַחִזְרֵי
איך פאַרנעם גיט קיין טובות — אֵינֶנִּי כְּפוּי טוֹבָה
טובל זיין זיך — טָבֹל, הִטָּבֵל
טובל׳ען — טַבֵּל, הַטְבֵּל
זיך — טָבֹל, הִטָּבֵל
טוּבּערקוּלאָז (tuberkulos) — שַׁחֶפֶת
טוּבּערקוּלעז — מְשֻׁחָף, מֻכֵּה שַׁחֶפֶת
טובת־הכלל = אַלגעמיינע טובה, גוּצען
טוואַן (ר. твань) — בִּצָּה, רֶפֶשׁ, טִיט־הַיָּוֵן
טוּגענד (ג. Tugend) צְדָקָה, מַעֲשֶׂה טוֹב
טווערדעווען (ר. твердить) — קַיֵּם, אַשֵּׁר
טוי (ג. Tau) — טַל
טוי־טראָפּען — אֵגֶל, רְסִיס טַל
טויב (ג. Taube) — יוֹנָה
יוּנגע — גּוֹזָל
טוּרטעל טויב — תֹּר
א שטילע טויב — יוֹנַת אֵלֶם
ווילדע — יוֹנַת הַבָּר
פּאָסט־טויב — יוֹנַת־דֹּאַר
זיי לעבען ווי די טויבען — הֵם חַיִּים כַּיּוֹנִים, בְּשָׁלוֹם
געבראָטענע טויבען פליהען ניט אין מויל — לֹא יֵרֵד מָן מִשָּׁמַיִם
טויב (ג. taub) — חֵרֵשׁ
ווערען — חָרֹשׁ, הִתְחָרֵשׁ
מאכען — חָרֵשׁ
טויב ווי די וואנט — חֵרֵשׁ כְּאֶבֶן
א טויבע וואַנט — קִיר אָטוּם
טויבע — חֵרֶשֶׁת, חֵרְשִׁית
טויבען־פּאָסט — דֹּאַר יוֹנִים
טויבענשלאַג — שֹׁבָךְ, שׁוֹבָךְ, אֲרֻבַּת יוֹנִים
טויבקייט — חֲרִישׁוּת, חֵרְשׁוּת
טויב־שטוּם — חֵרֵשׁ־אִלֵּם
טויגליך (ג. tauglich) — רָאוּי, מְסֻגָּל, כָּשֵׁר, מָכְשָׁר, שֶׁיִּצְלַח לְ־

טויגליכקייט — כֹּשֶׁר, הֶכְשֵׁרוּת, כַּשְׁרוּת, כִּשְׁרוֹן לְ־
טויגען (ג. taugen) — כָּשֵׁר, צָלֹחַ לְ־, סָכֹן, הָיֹה רָאוּי
ס׳טויג ניט — לֹא יִצְלָח
ס׳טויג אויף כפרות — לֹא יִצְלַח לִמְאוּמָה, אֵינוֹ רָאוּי.
ער ווייסט וואָס איהם טויג — יוֹדֵעַ מַה יִסְכּוֹן לוֹ
וואָס טויג מיר מעשות? — מַה לִּי וְלַסִּפּוּרִים?
וואָס טויג מיר דער אומגליק — מַה לִּי וְלַצָּרָה הַזֹּאת?
אַ זאַך וואָס טויג פאַר יעדען — דָּבָר הַשָּׁוֶה לְכָל נֶפֶשׁ
טויגעניכטס — לֹא יִצְלָח, בַּטְלָן, רֵיקָא
טוּיגער — יִצְלַח לַכֹּל, בַּעַל כִּשְׁרוֹן
טויז (ר. тузъ) — אֶחָד, קְלַף הָאֶחָד
טויזענט (ג. tausend) — אֶלֶף
צוויי — אַלְפַּיִם
טויזענטעל — חֵלֶק הָאֶלֶף
טויזענט־איין־נאַכט — אֶלֶף לַיְלָה וְלַיְלָה
טויזענטער — הָאֶלֶף
אַ טויזענטער — שְׁטָר בֶּן אֶלֶף
טויזענטער — לַאֲלָפִים, אַלְפֵי אֲלָפִים
טויזענטערליי — אֶלֶף מִינִים
טויזענטפאַך — אֶלֶף מוֹנִים, פִּי אֶלֶף; אֶלֶף פְּעָמִים
טויט (ג. Tod) — מָוֶת, מִיתָה
פאַרדינען דעם טויט — רָכַשׁ לוֹ הַמָּוֶת
איך האָב פאַרגעסען ווי אינ׳ם טויט — נִשְׁכָּח מִלִּבִּי כַּמָּוֶת
דער טויט באַווייזט דעם אמת — סוֹפוֹ מוֹכִיחַ עַל תְּחִלָּתוֹ, סוֹף דָּבָר מוֹכִיחַ עַל־
פלוצליכער טויט — מִיתָה פִּתְאוֹמִית, מִיתָה חֲטוּפָה
אַ גיכער טויט — מִיתָה דְחוּפָה
דער טויט קלייבט ניט איבער — אֵין הַמָּוֶת בּוֹרֵר, מַבְחִין
שטאַרבען מיט׳ן איינענעם טויט — מוּת כְּמוֹת כָּל אָדָם
איינעמס טויט איז דעם אנדערענס ברויט — מוֹתוֹ שֶׁל אֶחָד הוּא חַיָּיו שֶׁל אַחֵר; אִמְּלְאָה הָחֳרָבָה
זיך מוטשען אויפ׳ן טויט — הִתְעַנֵּה עַד מָוֶת

פאַר׳ן טויט קאָן מען זיך ניט באהאלטען — אֵין מַחְבּוֹא מִפְּנֵי הַמָּוֶת
אז מע דערמאנט זיך אינ׳ם טויט איז ניט ניהא דאָס לעבען — כְּשֶׁעוֹלֶה זִכְרוֹן הַמָּוֶת הַחַיִּים בְּסַכָּנָה, בִּזְכוֹר יוֹם הַמָּוֶת הַחַיִּים אֵינָם נוֹחִים
נאָכ׳ן טויט קומט דער שכל — אַחֲרֵי הַמַּעֲשֶׂה תָּבֹא הַחָכְמָה
נאָכ׳ן טויט ווערט מען גוט און פרום — אַחֲרֵי מוֹת קְדוֹשִׁים אֱמוֹר
טויט־הונגעריג — רָעֵב עַד מָוֶת
ביטער ווי דער טויט — מַר כַּמָּוֶת
טויט־שכור — שִׁכּוֹר עַד מָוֶת, שִׁכּוֹר עַד מְאֹד, כְּשִׁכּוּרוֹ שֶׁל לוֹט
טויט־קראַנק — חוֹלֶה מְסֻכָּן, נוֹטֶה לָמוּת
טויט־שרעק — אֵימַת מָוֶת
פאַראורטיילען צום טויט — דּוֹן לְמִיתָה
טויט שלאָגען — הַכֵּה אֶת־ מַכּוֹת מָוֶת, רָצֹחַ אֶת־
טויט־טאָג — יוֹם הַמָּוֶת, הַמִּיתָה
טויט־שלעק — מַכּוֹת מָוֶת
טויט־שטילקייט — דְּמִיַּת מָוֶת, דִּמְמַת־
טויט־אורטייל — מִשְׁפַּט מָוֶת
אומנאטירליכער טויט — מִיתָה מְשֻׁנָּה
טויט ווירדיג — חַיָּב מִיתָה
זיך מאכען דעם טויט — הָמֵת עַצְמוֹ, אַבֵּד עַצְמוֹ לָדַעַת
טויט־שטראָף — עֹנֶשׁ־מָוֶת
טויט־פאל — מִקְרֵה מָוֶת
טויט־קלאָפ — מַכַּת מָוֶת
אָדער געזעלשאַפט אָדער דער טויט — אוֹ חַבְרוּתָא אוֹ מִיתוּתָא
טויט (ש״ת) (ג. tot) — מֵת, בַּר מִינָן; חִוֵּר
ניט טויט ניט לעבעדיג — חַי וְלֹא חַי, לֹא חַי וְלֹא מֵת
פון טויט לעבעדיג — שׁוּב לִתְחִיָּה
טויט ווי אלע טויטע — מֵת כְּשׁוֹכְנֵי עָפָר, כְּמֵתֵי עוֹלָם
אויפ׳ן טויטען בעט — עַל עֶרֶשׂ דְּוָי
טויט אָדער רויט — מָוֶת אוֹ חַיִּים
ער איז טויט — פָּנָיו כִּפְנֵי מֵת
שעלטען מיט טויטע קללות — קַלֵּל בְּקִלְלוֹת מָוֶת, בְּקְלָלוֹת נִמְרָצוֹת
טויט ווי די וואנט — לָבָן כַּסִּיד, חִוֵּר כַּסִּיד



ווי די טויטע עסען אַזא פנים האָבען זיי — כַּאֲכִילַת הַמֵּתִים כַּךְ מַרְאֵה פְנֵיהֶם
טויטען — הָמֵת, מוֹתֵת, הָרֹג
טויטער — מֵת, נִפְטָר
טויטער־ים — יַם הַמֶּלַח
טויטקייט — חִוָּרוֹן
טויטשען זיך (שטאַרק זידען) — רָחֹשׁ, רָתֹחַ, בַּעְבֵּעַ
זיך שלאָגען — הִתְגּוֹשֵׁשׁ
טויען — טָלֹל
טויער (ג. Tor) — שַׁעַר, מָבוֹא, תַּרְעָא
ס׳איז פאַר איהם אָפען אַלע טויערען — כָּל הַשְּׁעָרִים פְּתוּחִים לְפָנָיו
אָפען טיר און טויער — דֶּלֶת וְשַׁעַר פְּתוּחִים
טויער־היטער — שׁוֹעֵר
טויף — שְׁמַד, הִתְנַצְּרוּת
טויפוואַסער — מֵי טְבִילָה
טויפמוטער — סַנְדְּקָנִית
טויפען (ג. taufen) — נַצֵּר, הַטְבֵּל, שַׁמֵּד
זיך — הִתְנַצֵּר, הָמֵר דָּתוֹ, הִשְׁתַּמֵּד
טויפער — מְנַצֵּר, מְטַבֵּל, מַטְבִּיל
טויפפאַטער — סַנְדָּק
טויש — חִלּוּף, חֲלִיפִין, תְּמוּרָה
טויש־האַנדעל — סְחַר חֲלִיפִין
טוישונג — טָעוּת הַחוּשִׁים, אִילוּזְיָה
טוישען (ג. tauschen) — הַחֲלֵף, הָמֵר
זיך — טָעֹה, רַמֵּה עַצְמוֹ
טוישער — חַלְפָן; רַמַּאי
טוך (ג. Tuch) — אָרִיג, צֶמֶר
טוכהענדלער — סוֹחֵר בְּאָרִיג
טוכלע (ר. тухлый) — מְעֻפָּשׁ, עָבוּשׁ
טוכלעקייט — עִפּוּשׁ, עִבּוּשׁ
טוכעל — מִטְפַּחַת
נאָז־טוכעל — מִטְפַּחַת־אַף
טול (צ. tulle) — טוּל, תּוּל, חוֹרַי, מַלְמָלָה
טול׳ן — שֶׁל טוּל, ־חוֹרַי
טולופ (ר. тулупъ) — פַּרְוָה
טוליען (פ. tulić) — דָּבֹק, אַמֵּץ אֶל־
זיך — הִדָּבֵק בְּ־
טולפאַן (מין פרח) (tulpe) — חֲזָמָה, צִבְעוֹנִי

טומאָה = אומריינקייט — טֻמְאָה
טומאַן (ר. туманъ) — אֵד, עֲרָפֶל
טומאַנע — מְעֻרְפָּל, עַרְפִלִּי
טומלען (ג. tummeln) — הָמֹה, סָאֹן, רָעֹשׁ
ס׳טומעלט מיר דער קאָפ — רָאשִׁי הוֹמֶה, רָאשִׁי עָלַי כַּגַּלְגַּל
טומלעניש = טומעל
טומעל (ג. Tumelt) — שָׁאוֹן, הֲמוּלָה, רִגְשָׁה
א טומעל איבער א גאָרניט — מְהוּמָה עַל לֹא מְאוּמָה
טומעלדיג — שְׁאוֹנִי
טומפ = טעמפ (ג. stumpf) — קֵהֶה
טומפיג = טומפ
טון (ג. Tonne) — חָבִית
אָנטון אין טונען גאָלד — מַלֵּא בֵּית־ זָהָב, הַלְבֵּשׁ מַחֲלָצוֹת אֶת־
טון (ג. tun) — עָשֹׂה, פָּעֹל, שִׂים
וואָס טוסטו? — מָה אַתָּה עוֹשֶׂה? מַה מַּעֲשֶׂיךָ?
וואָס טוט מען? — מַה לַּעֲשׂוֹת, מַה נַּעֲשֶׂה
וואָס האָסטו דאָ צו טון? — מַה לְּךָ פֹּה
האָבען צו טון מיט עמיצען — הָיֹה לְ־ דִּין וּדְבָרִים עִם־, הָיֹה עֵסֶק עִם־, בְּ־
איך האָב ניט וואָס צו טון — אֵין לִי מַה לַּעֲשׂוֹת
ס׳טוט מיר וועה — כּוֹאֵב אָנֹכִי, צַר לִי
ער טוט אין דרינגען — הוּא עוֹסֵק בָּזֶה
ס׳טוט מיר וועה דער קאָפ — רָאשִׁי כּוֹאֵב לִי
רעכט האָסטו געטון — יָפֶה עָשִׂיתָ
טון אן עבירה — עָבֹר עֲבֵרָה
ניט אַזוי גיך טוט זיך ווי ס׳רעדט זיך — לֹא יֵעָשֶׂה כֵּן מַהֵר כְּמוֹ שֶׁנֶּאֱמַר
די וועלט האָט מיט איהם צו טון — הַבְּרִיּוֹת מְדַבְּרִים בּוֹ, כְּלֵי עָלְמָא מְדַבֵּר בּוֹ
א מענש דאַרף טון און גאָט מוז העלפען — עַל הָאָדָם לַעֲשׂוֹת וֵאלֹהִים יַעֲזוֹר. וּבֵרַכְתִּיךָ בְּכָל אֲשֶׁר תַּעֲשֶׂה אָמַר רַחֲמָנָא
טון אין דער גאַל אַריין — עָשֹׂה לְהַכְעִיס
ניטאָ וואָס צו טון — אֵין מַה לַּעֲשׂוֹת, אֵין תַּחְבּוּלָה
געזאָגט און געטון — אוֹמֵר וְעוֹשֶׂה
ס׳טוט זיך ניט אזוי — לֹא יֵעָשֶׂה כֵּן
איך טו מיר מיינס — אֲנִי עוֹשֶׂה אֶת שֶׁלִּי

טו ניט יענעם וואָס דו ווילסט ניט אז מע זאָל דיר טון — דַּעֲלָךְ סָנֵי לְחַבְרָךְ לָא תַעֲבִיד
א קוק טון — הַבֵּט, שִׂים עַיִן עַל־
איך האָב מיט דיר ניט צו טון — לֵית לִי מִלְּתָא בַּהֲדָךְ
טו נאָר א קוק — הַבֵּט נָא
טון צום טויט — הָצֵק לְ־ עַד מָוֶת, עַד לָמוּת
טון א שדוך — הִשְׁתַּדֵּךְ בְּ־
דאָס האָט מיט מיר ניט צו טון — אֵין הַדָּבָר הַזֶּה נוֹגֵעַ לִי
וואָס טוסטו דאָ? — מָה אַתָּה עוֹשֶׂה פֹּה? מַה לְּךָ פֹּה?
ער וועט שוין האָבן וואָס צו טון — כְּבָר יִהְיֶה לוֹ עִנְיָן לַעֲנוֹת בּוֹ
טון זיך — הֵעָשֵׂה
וואָס טוט זיך דאָ אַזוינס? — מַה פֹּה? מַה נַּעֲשָׂה פֹּה?
ס'טוט זיך דאָרט חשך — מְהוּמָה וּמְבוּכָה שָׁם

טועה זיין זיך — טָעֹה, שָׁגֹה
טוניק (פ. tunika) — סַרְבָּל, טוּנִיקָה
טונקלען — כָּהֹה, חָשֹׁךְ
ס'טונקעלט שוין — כְּבָר יִכְהֶה, יִדְעַךְ הַיּוֹם
טונקעל (ג. dunkel) — כֵּהֶה, אָפֵל, אַפְלוּלִי, מְטֻשְׁטָשׁ, מְעֻרְפָּל
ווערען — כָּהֹה
מאכען — הַכְהֵה
ס'איז מיר טונקעל אין די אויגען — עֵינַי כֵּהוֹת
טונקלער טאָג — יוֹם אָפֵל
די זאך איז טונקעל — הַדָּבָר מְעֻרְפָּל, אֵינוֹ מְחֻוָּר
טונקעלקייט — כֵּהוּת, עַרְפִלִּיּוּת
טונעל (tunnel) — נִקְבָּה, נִקְרָה
טונקען (ג. tunken) — טָבֹל, הַטְבֵּל
טונק־שיף — אֳנִיָּה צוֹלֶלֶת
טועכץ — עֲשִׂיָּה, מַעֲשֶׂה, עֲבֹדָה
טועה זיין זיך — טָעֹה, שָׁגֹה
טועם זיין — טָעֹם
טוער — עַסְקָן, שְׁתַּדְּלָן
טוערין — עַסְקָנִית, שְׁתַּדְּלָנִית
טופּ — טְפִיפָה, רְקִיעָה בְרֶגֶל
גיבען א טופּ, א טופּע = טופּען

טופּען (ר. топотать) — טָפֹף, רָקֹעַ בְּרַגְלָיו
טופיאַק (ר. тюфякъ) — כְּבִיר, מִזְרָן
טופּיצע (ר. тупица) — גַּרְזֶן כֵּהֶה
טוץ (ג. Dutzend) — תְּרֵיסָר
טוק (ר. тукъ) — חֵלֶב
טוקאַטש (ר. толкачъ) — מָדוֹךְ, עֱלִי
טוק'ן — שֶׁל חֵלֶב
טוק'ן שמאַלץ — שֶׁמֶן בְּהֵמָה
טוקען (ג. tauchen) — טַבֵּל, הַטְבֵּל
זיך — טָבֹל בַּמַּיִם, צָלֹל
די ליכט טוקט זיך — הַנֵּר דּוֹעֵךְ, שׁוֹקֵעַ
טוקערין — מְטַבֶּלֶת, מַטְבֶּלֶת
טוקערקע = טוקערין
טור — סִבּוּב
מאכען א טור — סַבֵּב, הַקֵּף אֶת־
טורבאַן (turban) — טָבוּל, מִצְנֶפֶת, תַּרְבּוּשׁ
טורבינע (turbine) — גַּלְגִּלָּה
טורטעל־טויב (ג. Turteltaube) — תּוֹר
טוריסט (צ. touriste) — תַּיָּר, סַיָּר
טורמע (ר. тюрьма) — בֵּית אֲסוּרִים, כֶּלֶא, סֹהַר, תְּפִיסָה
טורניר־שאָך — תַּחֲרוּת אִישְׁקַקִּי
טורעם (ג. Turm) — מִגְדָּל, צְרִיחַ
טורקען = טאָרקען
טוש = דוש = שפריץ
טוש (ג. Tusche) — פִּיחָן, דְּיוֹתִית
טוש (אין מוזיק) = וויוואַט (tusch)
טושירען (ג. tuschieren) — פַּיֵּחַ, דַּיֵּת
טיאָפּקען (אין בלאָטע) — דַּשְׁדֵּשׁ בְּטִיט, בְּרֶפֶשׁ
טיאָכקען (רק. тьохкати) — חָרֵד
ס'טיאָכקעט מיר דאָס האַרץ — לִבִּי חָרֵד, נוֹקְפִי
טיגעל (ג. Tiegel) — כּוּר, מַצְרֵף
טיגער (ג. Tiger) — נָמֵר, טִגְרִיס
טיזליק — מְעִיל
טיטון (פ. tytuń) — תִּתּוֹן, טַבַּק
טיטול = טיטעל
טיטולירען — כַּנֵּה אֶת־, לְ־. אֶל־
טיטעל (Titel) — תֹּאַר כָּבוֹד, כִּנּוּי
טיטעל־בלאַט — שַׁעַר סֵפֶר



טיטשקע (ר. тычекъ) — בַּד, מוֹט
א טיטשקע הינד (ר. туча) — הָמוֹן, צָבָא, מַחֲנֶה, עֲדַת כְּלָבִים
טיי (thee) — תֵּה
טייבעלע — יוֹנָה קְטַנָּה, בֶּן יוֹנָה, גּוֹזָל (טויב)
טייבעלע! — יוֹנָתִי!
טייבעלש — שֶׁל יוֹנָה
טייבעלשקייט — צוֹאַת־יוֹנָה, דִּבְיוֹנִים, חֶרְיוֹנִים
טייג (ג. Teig) — בָּצֵק, עִסָּה
ווייך ווי אַ טייג — רַךְ כַּבָּצֵק
פון איין טייג געקנעטען — מֵחֹמֶר אֶחָד קֹרְצוּ
טייגיג — בָּצוּק
טייג'ן — שֶׁל עִסָּה, רַךְ כַּבָּצֵק
טייגאַכץ — חֲבִיצָה, פַּשְׁטִידָה (תַּבְצִיק)
טייגלעך — כַּדּוּרֵי בָּצֵק, עֲסָסִיּוֹת
טייגעל — חֲתִיכַת בָּצֵק, מִקְרֶצֶת, גַּבְלוּל
טייוולאָניש — שֶׁל שֵׁד
טייוועל (ג. Teufel) — שֵׁד, שָׂטָן (ר. טייוואָלים)
צום טייוועל! — לַעֲזָאזֵל!
כאַפּט איהם דער טייוועל — יִקָּחֵהוּ אֹפֶל
די שפּיעל איז פאַר'ן טייוועל — כָּלוּ כָּל הַקִּצִּים
טייוועלש — מַעֲשֵׂה שָׂטָן, שֶׁל שֵׁד
טייוועלשקייט — צֹאַת הַשֵּׁד; חִלְתִּית (מין זפת)
טייט — רֶמֶז
גיבען א טייט מיט'ן פינגער — רָמֹז בְּאֶצְבָּעוֹ
טייטלען — הַרְאֵה, הוֹרֵה בְחֹטֶר
טייטעל — חֹטֶר, חוּטְרָא, יָד (להראות)
טייטעל (ג. Dattel) — תְּמָרָה
טריקענער — כֹּתֶבֶת
טייטעל־בוים — תָּמָר, תֹּמֶר, דֶּקֶל
טייטען (ג. deuten) — הַרְאֵה, הוֹרֵה
אויף עמיצען מיט די פינגער — הַרְאֵה בְאֶצְבַּע עַל־
טייטען = טויטען
טייטש (ג. Deutsch) — אַשְׁכְּנַזִּית, תַּרְגּוּם אַשְׁכְּנַזִּי
דער טייטש דערפון איז — הוֹרָאָתוֹ, פֵּרוּשׁוֹ הוּא
ס'טייטש? — אֵיךְ? מַה פֵּרוּשׁוֹ?
טייטש־חומש — תַּרְגּוּם אִידִי שֶׁל חוּמָּשׁ
טייטשען — בָּאֵר, תַּרְגֵּם

טייך (ג. Teich) — נָהָר
ס'האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך — סוֹפוֹ הָיָה עוּרְבָא פָרַח
טייך־וואַסער — מֵי נָהָר
טייכעל — נָהָר קָטָן, נַחַל
טייכען טרערען — פַּלְגֵי דְמָעוֹת
טייל (ג. Teil) — חֵלֶק, מָנָה, מְנָת, מִקְצָת, חֶבֶל, יָד (יָדוֹת) (וארבע הידות לפרעה), רֹאשׁ (והיה לארבעה ראשים)
טייל מענשען זאָגען — יֵשׁ אוֹמְרִים
אַ טייל דערפון — חֵלֶק, מִקְצָת מִזֶּה
אויף צוויי טייל — לִשְׁנֵי חֲלָקִים
טיילבאַר — נֶחֱלָק, מִתְחַלֵּק (עיין באַטייליגונג)
טיילווייז — בְּמִקְצָת, לַחֲלָקִים; חֶלְקִי
טיילונג — מַחְלָקָה, מִפְלַגָּה; חִלּוּק, חֲלוּקָה
טייליג = טיילבאַר
טיילונגס־צייכען — סִמַּן הַפְרָדָה, סִמַּן־חִלּוּק
טייל־מאָל — לִפְעָמִים
טיילכען — חֶלְקִיק
טיילנעהמונג — הִשְׁתַּתְּפוּת, לְקִיחַת חֵלֶק בְּ־
טיילנעהמען — הִשְׁתַּתֵּף בְּ־, לָקֹחַ חֵלֶק בְּ־
טיילנעהמער — מִשְׁתַּתֵּף בְּ־, שֻׁתָּף
טיילס — בְּמִקְצָת, קְצָת
טיילען (ג. teilen) — חַלֵּק, חָלֹק
האַלב טיילען — חָצֹה
זיך — הִתְחַלֵּק, חַלֵּק בֵּינֵיהֶם, הֵחָלֵק
12 טיילט זיך אויף 3 — מִסְפָּר שְׁנֵים עָשָׂר מִתְחַלֵּק ע"י מִסְפָּר שְׁלֹשָׁה
זיי טיילען זיך מיט דער ירושה — מְחַלְּקִים בֵּינֵיהֶם הַיְרוּשָׁה
טיילעוודיג = טיילבאַר
טיי־לעפעלע — כַּף תֵּה
טיילער — מְחַלֵּק
טיי־מאַשין — מֵיחָם מוֹלִיאָר, מְכוֹנַת תֵּה
טיינע (ר. тайный) — נִסְתָּר
טיינע־סאָוועטניק — יוֹעֵץ סְתָרִים
טייער (ג. teuer) — יָקָר; בְּיֹקֶר
ווי טייער? — מַה מְּחִירוֹ? בְּכַמָּה?
ס'קאָסט מיך טייער — עָלָה לִי בְּיֹקֶר

טייער = ליעב — יָקָר, יַקִּיר, נַעֲלֶה
טייערער פריינד! — יְדִיד יָקָר!
טייער זיין — הָיֹה יָקָר
ווערן — הֵעָשֵׂה יָקָר, עָלֹה הַשַּׁעַר, הוֹקֵר, הִתְיַקֵּר
מאַכען — הוֹקֵר, יַקֵּר
טייערקייט — יֹקֶר, יַקְרוּת, יִקְרַת עֵרֶךְ
טייפעל = טייוועל
טיכטיג (ג. tüchtig) — מָהִיר, חָרוּץ, בֶּן חַיִל, מְסֻגָּל, מָכְשָׁר
טיכטיגקייט — חֲרִיצוּת, זְרִיזוּת
טיכעל — מִטְפַּחַת (טוּך)
נאָז טיכעל — מִטְפַּחַת אַף, מִמְחָטָה
טילאָק (ר. тылъ) — אֲחוֹרֵי־רֶגֶל, אֲחוֹרֵי נַעַל
טיליגען (ג. tilgen) -- הַשְׁמֵד, הַכְרֵת
טימעניצע (ר. темя) — קְרִימָה; סַפַּחַת־קָדְקֹד
טינוף — חֶלְאָה, צוֹאָה, צֵאָה, רְעִי
טינוף שבטינופת — גָּרוּעַ מְאֹד
טינופת — חֶלְאָה; אִשָּׁה מְלֻכְלָכָה
טינט (ג. Tinte) — דְּיוֹ, חֶרֶת
טינטער — בֵּדְיוֹ, דְּיוֹתָה
טינטערל — דְּיוֹתָה קְטַנָּה; בִּצָּה
טינק — טִיחַ, מֶלֶט; טְבִילָה
גיבען אַ טינק — טָבֹל בְּ־
טינקלען (מיט די אויגען) — מַצְמֵץ
טינקעווען (ג. tunchen) — טוּחַ בְּטִיט, טַיֵּט
טינקעוואַניע — טִיחָה, טִיּוּט
טיער (ג. Tier) — חַיָּה, בְּהֵמָה
טיער־פּאַרק — בֵּיבָר
טיער־גאָרטען — גַּן חַיּוֹת, בֵּיבָר
בייזע, ווילדע טיר — חַיָּה רָעָה, חַיַּת־שֵׁן, פְּרִיץ חַיּוֹת
טיף (ג. tief) — עָמֹק; עֹמֶק
טיפע וואַסער — מַיִם עֲמֻקִּים
אַ טיפער זיפץ — אֲנָחָה מִקֶּרֶב לֵב
זיך פארטראַכטען טיף — הָיֹה שָׁקוּעַ בְּמַחְשְׁבוֹתָיו
טיפע עלטער — זִקְנָה מֻפְלֶגֶת
ס׳איז טיף געזאָגט — עָמֹק, חָרִיף
אין דער טיף — בְּעֹמֶק
דריי איילען די טיף — עָמְקוֹ שָׁלֹשׁ אַמּוֹת
זיך טיף פאַרנייגען — הִשְׁתַּחֲוֵה אַרְצָה

טיף = טיפוּס (typhus) — מַחֲלַת־טִיפוּס
טיפּ (typus) — טִפּוּס
טיפּאָגראַף — מַדְפִּיס
טיפּאָגראַפיע (typographie) — דְּפוּס, בֵּית דְּפוּס
טיפּאָגראַפיש — דְּפוּסִי
טיפוּס = טיף
טיפזיניג (ג. tiefsinnig) — שָׁנוּן, חָרִיף; עָמֹק
טיפזיניגקייט — חֲרִיפוּת, עַמְקוּת, עַמְקָנוּת, עֹמֶק
טיפּיש — טִפּוּסִי
טיפעניש — עֹמֶק, מַעֲמַקִּים, מְצוּלָה
טיפקייט = טיפעניש
טיפש = טִפֵּשׁ
טיק־טאַק = תִּיק־תַּק (קוֹל השעון)
טיקען (ר. тыкать) — תָּחֹב, תָּקֹעַ
עמיצען אין די אויגען — עָנֹה כַּחֲשׁוֹ בְּפָנָיו
זאָגען עמיצען „דוּ״ — דַּבֵּר אֶל־ בִּלְשׁוֹן אַתָּה, אַתֵּה
טיר — חיה = טיער
טיר (ג. Tür) — דֶּלֶת (דְּלָתוֹת), פֶּתַח, בָּבָא
פאַרמאַך די טיר! — סְגוֹר אֶת הַדֶּלֶת
ווייזען די טיר — הַרְאֵה אֶת־ אֶת הַדֶּלֶת, גָּרֵשׁ אֶת־ מִבֵּיתוֹ
אַריין איז די טיר ברייט אַרוים — שמאָל — לְהִכָּנֵס הַדֶּלֶת פְּתוּחָה לִרְוָחָה, וְלָצֵאת הִיא סוֹגֶרֶת וּמְסֻגֶּרֶת
טיראַן (tyrann) — אַכְזָר, עָרִיץ
טיראַניזירען — הִתְנַהֵג בְּאַכְזְרִיּוּת, בַּעֲרִיצוּת עִם־
טיראַניי — אַכְזְרִיּוּת, עֲרִיצוּת, טְרוּנְיָה
טיראַנסטוואָ = טיראַניי
טיר־היטער — שׁוֹמֵר הַסַּף
טירעל, טירעלע — פִּשְׁפָּשׁ
טירחה = טִרְחָה
טיריש — שֶׁל חַיָּה, כְּחַיָּה
טירקיי = טערקיי — אֶרֶץ תּוּרְקִיָּה, תּוֹגַרְמָה
טיש (ג. Tisch) — שֻׁלְחָן
זיצען ביים טיש — יָשֹׁב אֶל הַשֻּׁלְחָן
דעקען, גרייטען דעם טיש — עָרֹךְ הַשֻּׁלְחָן
אַרבייטען אויף טיש אוּן אויף ביינק — עָבֹד בְּכָל מַאֲמַצֵּי כֹּחוֹ
שבת נאָך טיש — בְּשַׁבָּת אַחַר הַסְּעוּדָה



טיש-וויין — יֵין־שֻׁלְחָן
טישטוּך — מַפָּה, צָפִית
טישלער (ג. Tischler) — נַגָּר, חָרַשׁ עֵצִים
טישלעריי — נַגָּרוּת, חֲרֹשֶׁת עֵצִים
טישעל — שֻׁלְחָן קָטָן
טישען זיך (ר. тѣшиться) — הִתְנַחֵם; הִשְׁתַּעֲשֵׁעַ
טיש־קעסטעל = שוּפלאָד — אַרְגַּז־שֻׁלְחָן
טֵית — שם האות התשיעית באַ״ב העברי והיהודי
טכאָר, טכויר (פ. tchórz) — חֻלְדָּה, תְּלָא־אִילָן, בַּרְדְּלֵס
טכויר׳ן — שֶׁל בַּרְדְּלֵס, ־חֻלְדָּה
טַל — שם תפלה שאומרים ביום שני של פסח
בענשען טל — הִתְפַּלֵּל תְּפִלַּת „טַל״
טל־וּמטר — מלות נוספות לתפלת שמו״ע בחורף
קליין ווי אַ טל וּמטר — קטן כאותיות של „טל וּמטר״
טלוּמאַטש = טאָלמאַטש
טלוּמעק = קלוּמעק
טליהען (ר. тлѣть) — עָמֹם, הִחֵר
טלית — בגד עם ציצית שמתעטפים בו בעת התפלה (טַלֵּיתִים)
טלית־זאַק — שַׂק לְטַלִּית
טלית־קטן — מיניאַטוּר־טלית = אַרְבַּע כַּנְפוֹת
טלית אוּן תפלין — טַלִּית וּתְפִלִּין
טלית׳ניק — עוֹשֶׂה טַלִּיּוֹת
טמא = אוּמריין
טנוּף = שמוּץ, קאָט
טנופת — טִנּוּף; אִשָּׁה מְבִישָׁה, מְזוֹהָמָה, מְלֻכְלָכָה
טעאַטער (théâtre) — תֵּיאַטְר, תֵּאַטְרוֹן
טעאַטראַליש — תֵּאַטְרוֹנִי
טעאָלאָג (théologue) — תֵּאוֹלוֹג, חוֹקֵר אֱלֹהַי
טעאָלאָגיע — תּוֹרַת, חָכְמַת־אֱלָהוּת, אֱלֹהוּת, תֵּאוֹלוֹגְיָה
טעאָסאָפיע — חָכְמָה אֱלֹהִית
טעאָריע (théorie) — הֲלָכָה, תּוֹרָה, עִיּוּן, תֵּאוֹרִיָּה
אַ טעאָריע — אוּן מע פּראַקטיצירט זי ניט — הֲלָכָה וְאֵין מוֹרִין כֵּן

טעאָרעטיקער — בַּעַל עִיּוּן, תֵּאוֹרָן
טעאָרעטיש — עִיּוּנִי, תּוֹרָתִי
טעאָרעמע (théorème) — תֵּאוֹרֵמָה, תּוֹרָה, כְּלָל
טעה = טיי
טעווער = טויער
טעגליך — יוֹמִי
טאָג טעגליך — יוֹם, יוֹם
טעגליכע ציימוּנג — עִתּוֹן יוֹמִי
טעוּת = פעהלער, גרייז
אַ גראָבער טעוּת — טָעוּת גַּסָּה
אַ ווילדער טעוּת — טָעוּת מְשֻׁנָּה
טעוּת-גוי — אַ גוי־אירטוּם
טעוּת־הדפוּס — דרוּק-פעהלער
טעזע (thèse) — הַנָּחָה, תֵּזָה
טעטיג (ג. tätig) — שׁוֹקֵד, עַסְקָן, חָרוּץ, פָּעִיל
טעטיגקייט — שְׁקִידָה, חֲרִיצוּת, פְּעִילוּת
טעטראַד = העפט
טעכטערל — בַּת קְטַנָּה (לשון חבה)
טעכלע = טוּכלע
טעכנאָלאָג — טֶכְנוֹלוֹג, טֶכְנוֹלוֹגוֹן
טעכנאָלאָגיע (technologie) — טֶכְנוֹלוֹגְיָה, תּוֹרַת הָאֻמָּנִיּוֹת, חָכְמַת הַתַּחֲרֹשֶׁת
טעכנאָלאָגיש — שֶׁל טֶכְנוֹלוֹגְיָה
טעכניק (ג. Technik) — טֶכְנִיקָה, תַּחֲרֹשֶׁת, חֻקֵּי הָאֻמָּנִיּוֹת
טעכניק = טעכניקער — טֶכְנִיקָן, מְכוֹנֵן
טעכניקוּם — טֶכְנִיּוֹן
טעכניש — טֶכְנִי
טעכנישע שוּלע — בֵּית סֵפֶר טֶכְנִי
טעכערן — חַלֵּק לְמָנוֹת
טעליגע (ר. телѣга) — עֶגְלַת מַשָּׂא
טעליצע (ר. телица) — עֶגְלָה
טעלעבענדען — הָנֵעַ, נַדְנֵד
זיך — נוֹעַ, הִתְנַדְנֵד, דַּלְדּוֹל
טעלעגראַם (צ. télégramme) — טֶלֶגְרַמָּה
ראַדיאָ טעלעגראַם — מִבְרָק
טעלעגראַמע = טעלעגראַם
טעלעגראַף (צ. télégraphe) — טֶלֶגְרַף

טעלעגראַפירען — תַּלְגֵּרף
טעלעגראַפיסט — מְתַלְגֵּרף
טעלעגראַפיע — טֶלֶגְרָפִיָּה
טעלעגראַפיש — טֶלֶגְרָפִי, ע״י הַטֶּלֶגְרַף
טעלעמעטשע — מַהֲלוּמָה, דְּחִיפָה
טעלעמעטשען — דָּחֹף; הָלֹם
טעלעסקאָפּ (צ. téléscope
טֶלֶסְקוֹפּ, מַקְרֶבֶת
טעלעפאָן (צ. téléphone) — טֵלֶפוֹן
טעלעפאָנירען — תַּלְפֵן, דַּבֵּר ע״י הַטֶּלֶפוֹן
טעלעפּען (ר. телепать) — הָלֹךְ בִּכְבֵדוּת
טעלער (ג. Teller) — קְעָרִית, פִּנְכָּה, צַלַּחַת
דאָס טעלער׳ל פונ׳ם הימעל — אַגַּן הַסַּהַר, דִּיסְקוּס שֶׁל לְבָנָה, קַעֲרוּרִית הַשָּׁמַיִם
צוליינגען אויף טעלערלאך — תָּאֵר בִּפְרָטוּת יְתֵרָה
גאָט גיט ניט אויף צוויי טעלער — אֵין אָדָם זוֹכֶה לִשְׁנֵי שֻׁלְחָנוֹת
ער געהט ריין אַרום די טעלער — מְגַדֵּף אֶת הַקְּעָרָה
דערלאַנגען אויף אַ טעלער — הוֹשֵׁט בְּקָנֶה לְ־
טַעַם = געשמאַק
איך ווייס ניט וואָסער אַ טעם ס׳האָט — לֹא טָעַמְתִּי מִזֶּה מְאוּמָה
איך האָב נאָך ניט טועם טעם געווען — לֹא בָא עוֹד כָּל מַאֲכָל אֶל פִּי
ס׳האָט אָנגעוואָרען דעם טעם — פָּג טַעֲמוֹ
ס׳האָט קיין טעם ניט — תָּפֵל הוּא
זאָג מיר דעם טעם דערפון — אֱמוֹר נָא לִי טַעֲמוֹ שֶׁל דָּבָר
אָהן אַ טעם — מְחֻסַּר טַעַם, חֲסַר טַעַם, תָּפֵל
אָהן אַ טעם און אָהן אַ ראַם — בְּלִי טַעַם וּבְלִי סְבָרָה
טעמע (צ. thème) — נוֹשֵׂא, עִנְיָן, תֵּמָה
טעמפּ = טומפּ (ג. stumpf) — קֵהֶה
מאַכען — הַקְהֵה
ווערען — קָהֹה, הִקָּהֵה
אַ טעמפּער קאָפּ — אֲטוּם הַמֹּחַ, אֲטוּם הַלֵּב, מֹחַ, לֵב מְטֻמְטָם
טעמפּאָ (tempo) — טֶמְפּוֹ (מדת הזמן בשיר)
טעמפּעל (tempel) — הֵיכָל, אַרְמוֹן, מִקְדָּשׁ
הייליגער טעמפּעל — בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, בֵּית הַבְּחִירָה

טעמפּעראַטור (ג. Temperatur) מַדְרֵגַת הַחֹם, מֶזֶג הָאֲוִיר — טֶמְפֶּרַטוּרָה
טעמפּעראַמענט (tempérament) טֶבַע, מֶזֶג, תְּכוּנָה
טעמפּעראַמענטפול — חַם הַמֶּזֶג, מָלֵא חַיִּים
טענאָר (ténor) — טֵנוֹר (קול)
טענדלען (ג. tändéln) — סָחוֹר בִּדְבָרִים קַלֵּי עֵרֶךְ
טענדלער — סוֹחֵר בִּדְבָרִים יְשָׁנִים
טענדלערקע — סוֹחֶרֶת בִּדְבָרִים יְשָׁנִים
טענדעווערענדע — אִצְטָלָא
טענדענץ (tendance) — מְגַמָּה, צִבְיוֹן, שְׁאִיפָה, פְּנִיָּה, נְטִיָּה, טֶנְדֶּנְצִיָּה
טענדענציעז — מְגַמָּתִי, טֶנְדֶּנְצִיוֹזִי
טענה = פּרעטענזיע
איך האָב צו איהם אַ טענה — טַעֲנָה יֵשׁ לִי עָלָיו
האָב צו מיר קיין טענות ניט — אַל יְהִי לְךָ דְּבָרִים עָלַי
אָהן טענות — בְּלִי עִרְעוּר, בְּלִי טַעֲנָה
מאַך ניט קיין טענות — אַל תַּרְבֶּה דְבָרִים
איך האָב צו דיר קיין טענה ומענה ניט — אֵין לִי עָלֶיךָ כְּלוּם
טענה׳ן — טָעוֹן
פאַר עמיצען — טָעֹן לְ־
טעניס (tenis) — טֶנִיס (מין משחק בכדור)
טענענבוים (ג. Tannenbaum) — אֶרֶז, אַשּׁוּחַ
טענצעל — רִקּוּד (טאַנץ)
כאַפּען אַ טענצעל — יָצֹא בְמָחוֹל, בְּרִקּוּד
טענצער — מְחוֹלֵל, מְרַקֵּד, רַקְדָן, רַקָּד
טענצערין — מְחוֹלֶלֶת, מְרַקֶּדֶת, רַקְדָנִית
אַזוי ווי דער טענצער אַזעלכע כלי־זמר — לְפוּם גְּנָתָא גַּנָּבָא
טעסט (ג. Test) — כּוּר
טעסטאַמענט (testament) — צַוָּאָה; בְּרִית
אַלטער טעסטאַמענט — הַבְּרִית הַיְשָׁנָה, תַּנַ״ךְ
נייער טעסטאַמענט — הַבְּרִית הַחֲדָשָׁה
טעסליער = טישלער
טעסען (ר. тесать) — סַתֹּת, פָּסֹל, (חָצֹב)
געטעסעטע שטיינער — גָּזִית
טעפּיך (ג. Teppich) — כְּבִיר, מַרְבָד, תָּפִית, טַפִּיט



טעפּעל — קְדֵרָה קְטַנָּה, סִיר קָטָן, סִירִית (טאָפּ)
קוקען וואָס בּיי יענעם אין טעפּעל — רַגֵּל אֶת־
טעפּער (ג. Töpfer) — קַדָּר, יוֹצֵר חֶרֶשׂ, יוֹצֵר, פֶּחָר
טעפּעריי — בֵּית יוֹצֵר, קַדָּרוּת, פֶּחָרוּת
טעצעל — טַס קָטָן, טַסִּית
טעקסט (text) — פְּנִים, גּוּף (הַכְּתָב), נוּסָח, טוֹפֵס
טעקסטיל (textil) — אֶרֶג, מַטְוֶה
טעקע (ג. Theke) — תִּיק, יַלְקוּט
טעראַסע (terrasse) — רְבֵדָה, טֶרַסָּה
טעראָר (צ. terreur) — מְהוּמָה, טֵירוֹר, בַּלָּהָה, אֵימָה, חִתִּית
טעראָריזירען — עָשֹׂה מְהוּמָה, הַלֵּךְ אֵימִים
טעריטאָריע (צ. territoire) — חֶבֶל אֲדָמָה, אֶרֶץ, טֵרִטוֹרִיָּה
טערטעל־מערטעל — טֶרְטֶל־מֶרְטֶל (מין משחק בקלפים)
טערמאָמעטער (thermomètre) — מַדְחֹם
טערמין (termin) — יוֹם פֵּרָעוֹן, זְמָן קָבוּעַ, יוֹם הַכֶּסֶא, יוֹם מְיוּעָד; טֶרְמִין, מוּנָח
טערמינאָלאָגיע (terminologie) — מוּנָחִים, טֶרְמִינוֹלוֹגִיָּה
טערמע = טורמע
טערנע (terne) — אָרִיג שָׁחוֹר, טֶרְנָה
טערעלייקען (ג. trällern) — הַרְעֵשׁ, סָאֹן
טערפּעליווע (терпѣливый) — סַבְלָן, אֶרֶךְ אַפַּיִם
טערפּען (ר. терпѣть) — סָבֹל, נָשֹׂא
איך קאָן דאָס ניט טערפּען — לֹא אוּכַל נְשׂוֹא זֹאת
ס׳טערפּעט (טערפּנעט) מיר די האַנט — יָדִי הִתְאַבְּנָה, קָהֲתָה
ס׳טערפּעט בּיים צונג — מַקְהֶה אֶת הַלָּשׁוֹן, עוֹקֵץ־
טערפּענטין (terpentin) — שְׂרַף בֹּטֶן, טֶרְפֶּנְטִין
טערפּעניע (ר. терпѣніе) — סַבְלָנוּת, כֹּחַ הַסַּבָּל
טערפּקע (ר. терпкій) — מַקְהֶה, בֹּסֶר, חָמִיץ
טערפּקעקייט — קֵהוּת, חֲמִיצוּת
טערציע (פּ. tercja) — הַמֵּיתָר הַשְּׁלִישִׁי (בכנור) שְׁלִישִׁיָּה, טֶרְצִיָּה
טערק (ג. Türke) — יִשְׁמְעֵאלִי, תּוֹגַרְמִי, תּוּגָר, תֻּרְקִי

טערקיי — תּוּרְקִיָּה, אֶרֶץ הַיִּשְׁמְעֵאלִים
טערקיש — יִשְׁמְעֵאלִי, שֶׁל תּוּגָר, תּוּרְקִי, כְּמִנְהַג יִשְׁמְעֵאלִי
שפּראַך — תֻּרְכִּית, תֻּרְקִית
אָפּטון אויף טערקיש — רַמֵּה, עָשֹׂה בְּעָרְמָה, עָשֹׂה מַעֲשֵׂה לָבָן הָאֲרַמִּי
טערקישע ווייץ — חִטֵּי תִירָס
טערקל־טויב = טורטעל־טויב
טעשיל (קאָרטען) — עֵרֶךְ קְלָפִים
טפּה מן הים = אַ טראָפּען אין ים
טפו! (ר. тфу) — תּוּף, פּוּ!
טפו זאָלסטו ווערען — יָרֹק יִרְקוּ בְּפָנֶיךָ, רֹק בְּפָנֶיךָ
טפו זאָל עס ווערען — לָרֹק יִהְיֶה
טפל = בּיי זאַך
טפּש = נאַר
טפּשה = נארין
טקאַטש (ר. ткачъ) — אוֹרֵג, גַּרְדִּי
טקאַטשילנע — בֵּית אֲרִיגָה
טקאַצקע — שֶׁל אוֹרְגִים, גַּרְדִּי
טראָג — נְשִׂיאָה
גיבּען אַ טראָג — נָתֹר מִמְּקוֹמוֹ
טראָג־בּעטעל — אַלוּנְקָה
טראַגיקער — מְשַׂחֵק בִּטְרַגֶּדְיָה
טראַגיש — מַעֲצִיב, טְרַגִּי
טראַגעדיע (tragédie) — טְרַגֶּדְיָה, חֲזוֹן תּוּגָה
טראָגען (ג. tragen) — נָשֹׂא, נַטֵּל, טַלְטֵל, סָבֹל; הָרֹה
טראָגען אויף די הענט — נָשֹׂא עַל כַּפַּיִם
טראָגען אויף די פּלייצעס — נָשֹׂא עַל שֶׁכֶם
טראָגען שנאה אויף — נָטֹר שִׂנְאָה לְ־
מע טאָר ניט טראָגען אים שבּת — אֵין מְטַלְטְלִין, אָסוּר לְטַלְטֵל בְּשַׁבָּת
זי טראָגט — הִיא הָרָה, הִיא מְעֻבֶּרֶת
טראָגען אַ קלייד — לָבֹשׁ, נָשֹׂא בֶּגֶד
די צייט האָט מיר ניט געטראָגען — לֹא הִסְפִּיקָה לִי הַשָּׁעָה
טראָג געזונטערהייט — תְּבַלֶּה וְתִתְחַדֵּשׁ
ס׳טראָגט מיר ניט — אֵין יָדִי מַשֶּׂגֶת, אֵין לְאֵל יָדִי

דער רוח האָט מיך געטראָגען — הַשֵּׁד הִשִּׁיאַנִי
די פערד טראָגען — הַסּוּסִים שׁוֹטְפִים
פון זאָגען ווערט מען ניט טראָגען — אֲמִירָה בְּעָלְמָא לַאו כְּלוּם הִיא, אֲמִירָה אֵינָהּ עוֹשָׂה הָרָה
זיך — הִנָּשֵׂא
ער טראָגט זיך אַרום מיט אַ פּלאַן — נוֹשֵׂא בְּלִבּוֹ תָּכְנִית
טראָגען (שם) — הֵרָיוֹן, הֵרוֹן, עִבּוּר, עִבָּרוֹן; נְשִׂיאָה, טִלְטוּל
זי האָט אַ שווער טראָגען — הֵרוֹן מַעֲצִיב, הֵרָיוֹן קָשֶׁה לָהּ
פאַרגעהן אין טראָגען — הָרֹה, הִתְעַבֵּר
אַז דער צער פון טראָגען איז יאָ אַזוי גרויס! — אִם צַעַר הָעִבּוּר קָשֶׁה כָּל כַּךְ! — אִם כֵּן!
דער שכל טראָגט אויס — הַשֵּׂכֶל מְחַיֵּב
טראָגענדיגע — הָרָה, מְעֻבֶּרֶת
טראָגענדיג ווערען — הָרֹה, הִתְעַבֵּר
טראָג שטול — אֲלֻנְקָה
טראַדיציע (tradition) — מַסּוֹרָה, מַסֹּרֶת, קַבָּלָה, טְרַדִּיצְיָה
טראָט = טריט
טראָטואַר (trottoir) — מִדְרָכָה, מִפְסָעָה
טראַטע (צ. traite) — שְׁטַר הַמְחָאָה, שְׁטַר פֵּרָעוֹן
טראָיקע (ר. тройка) — רְתִימַת שְׁלֹשֶׁת סוּסִים, שְׁלִישִׁיָּה
טראַך (ר. трахъ) — נֶפֶץ, הִתְפּוֹצְצוּת
דערלאַנגען עמיצען אַ טראַך — תָּקֹעַ לְ-, חַלֵּק מַכָּה לְ-
טראַכאָם (trachom) — גַּרְעֶנֶת, חַסְפֶּסֶת
טראַכטען (ג. trachten) — חָשֹׁב, אָמֹר, דַּמֵּה, סָבֹר
וואָס טראַכסטו וועגען דעם — מַה מַּחֲשַׁבְתְּךָ אֹדוֹת זֶה?
אויף עמיצענס לעבען — זָמֹם עַל-, הִתְנַכֵּל לְהָמִית אֶת-
ניט געטראַכט! — מִבְּלִי חֲשׁוֹב הַרְבֵּה, מַהֵר!
ווענִיגער געטראַכט און גוט געמאַכט — חֲשׁוֹב מְעַט וַעֲשֵׂה הַרְבֵּה
אַ מענש טראַכט און גאָט לאַכט — רַבּוֹת מַחֲשָׁבוֹת בְּלֵב אִישׁ וַעֲצַת ד׳ הִיא תָקוּם
זיך = אָמֹר בְּלִבּוֹ

טראַכטעניש — מַחֲשָׁבָה
טראַכקען = טאַראַכקען (ר. тарахнуть) — הַרְעֵם, הַרְעֵשׁ
טראָלד = טראָלב (ג. Troddel) — צִיצָה, גְּדִיל
טראַלאַלאַקען — שִׁיר טְרַלַּלָּה, טְרַלֵּל
טראָמאַם — נִעֲנוּעַ, טִלְטוּל
טראָמאָסען (ר. тормошить) — הָנֵעַ, טַלְטֵל
טראמאַסקען = טראָמאָסען
טראָמבע = טרובע
טראָמבען = טרובען
טראַמבאָן (trombone) — חֲצוֹצְרָה, טְרוֹמְבּוֹן
טראַמוויי (tramway) — מְסִלַּת־טְרַם
טראָמייט (trompete) — חֲצוֹצְרָה, טְרִימוֹטָה
טראָמייטען — חַצְצֵר, תָּקֹעַ בַּחֲצוֹצְרָה, בַּשּׁוֹפָר
טראָמפּייט = טראָמייט
טראָן (trône) — כִּסֵּא (מַלְכוּת)
טראַנטע — סְחָבָה
טראָן (tran) — עִטְרָן, שֶׁמֶן דָּגִים
אָנשמירען מיט טראָן — עַטְרֵן
טראנספּאָרט (transport) — (מַעֲבָר) הַעֲבָרָה, הוֹלָכָה, טְרַנְסְפּוֹרְט
טראָנספּאָלגער — יוֹרֵשׁ עֶצֶר
טראַנספּאָרטירען — הַעֲבֵר, שַׁלֵּחַ סְחוֹרָה
טראַנספּאָרטירער — מַעֲבִיר סְחוֹרָה
טראָגען גלויבען (ג. trauen) — בְּטוּחוֹת, אֱמוּנָה
ער האָט דאָרט טראָנען גלויבען — הוּא בָּטוּחַ שָׁם
טראַנק = געטראַנק
טראַנשײַע (צ. tranchée) — תְּעָלָה, טְרַנְשִׁיָּה
טראַסק — צְלִיל, קִשְׁקוּשׁ, נֶפֶץ. מַכָּה מְצַלְצֶלֶת
טראַסקען (פּ. trzaskać) — קַשְׁקֵשׁ, צַלְצֵל
טראַסקעריי — קִשְׁקוּשׁ, נִפּוּץ
טראָפּ (ג. Trope) — נְגִינָה
לייענען מיט׳ן טראָפּ — קָרֹא בַּנְּגִינוֹת
טראַף (ג. Traf, treffen) — מִקְרֶה, מְאוֹרָע
טראַף — הֲבָרָה
האַלב טראַף — חֲצָאֵי הֲבָרוֹת, קְרִיאָה לְאוֹתִיּוֹת
גאַנץ טראַף — הֲבָרוֹת שְׁלֵמוֹת, קְרִיאָה לַהֲבָרוֹת
טראָפּיק (tropique) — טְרוֹפִּיק, אֵזוֹר הַחֹם
טראָפּיש — שֶׁל אֵזוֹר הַחֹם, טְרוֹפִּיקִי



טראָפּען (ג. Troppen) — טִפָּה, אֵגֶל, רְסִיס, נֵטֶף, דֶּלֶף
ביטערער טראָפּען — יֵ״ש
ווי אַ טראָפּען אין ים — כְּטִפָּה מִן הַיָּם
טראָפּענווייז — טִפּוֹת, טִפּוֹת
טראָפּען־פלעשעלע — טְפִי, אֶדֶק
טראַפּקע (ר. тряпка) — סְחָבָה, סְמַרְטוּט
טראָץ (ג. trotz) — לַמְרוֹת, מִבְּלִי שִׂים לֵב אֶל-
טראָץ דעם — לַמְרוֹת זֹאת, אע״פ, עַל אַף־
טראַקט (Trakt) — דֶּרֶךְ סְלוּלָה, דֶּרֶךְ הַמֶּלֶךְ
טראַקטאַט (Traktat) — מַסֶּכֶת; בְּרִית, חוֹזֶה, טְרַקְטָט
טראקטיר (ר. трактиръ) — בֵּית מַרְזֵחַ, מִסְבָּאָה
טראקטירען (ג. traktieren) — נָשֹׂא וְנָתֹן בִּדְבַר־
טראקטירשטשיק — בַּעַל בֵּית מַרְזֵחַ
טראָשטשען (ר. трещать) — הִתְפַּקֵּעַ, הִשְׁתַּבֵּר
ס׳טראָשטשעט מיר די ביינער — עַצְמוֹתַי מִתְפַּקְּעוֹת
די בעט טראָשטשעט — הַמִּטָּה חוֹרֶקֶת
טרדות = באַשעפטיגונג, באַאומרוהיגונג
טרובאטש (ר. трубачъ) — מְחַצְצֵר, מְחַצֵּר
טרובע (ר. труба) — חֲצוֹצְרָה
רינווע — אַבִּיק
טרובען — חַצְצֵר, תָּקֹעַ בַּחֲצוֹצְרָה
טרובקע (ר. трубка) — מִקְטֶרֶת
טרוד (ר. трудъ) — עָמָל, יְגִיעָה
טרודנע — כָּבֵד, קָשֶׁה
טרויב (ג. Traube) — עֵנָב, עֲנָבָה
טרויבען שניט — בָּצִיר
טרוים (ג. Traum) — חֲלוֹם
טרוים־בילד — חֶזְיוֹן לַיְלָה, חֲלוֹם
טרוימען — חָלֹם
טרוימער — חוֹלֵם, בַּעַל חֲלוֹמוֹת, הוֹזֶה
טרוימעריי — הֲזָיָה
טרוימעריש — כְּחוֹלֵם, חֲלוֹמִי
טרויען (ג. trauen) — הַאֲמֵן לְ-, בָּטֹחַ בְּ-
זיך — עָרֹב לִבּוֹ
טרויער (ג. Trauer) — אֵבֶל, עֶצֶב, יָגוֹן, צַעַר, תּוּגָה, אֲבֵלוּת, עַצֶּבֶת

טרויעריג — עָצֵב, עָצוּב, נוּגֶה, אָבֵל, סַר, זָעֵף
מאַכען — הַאֲבֵל, עַצֵּב, עַצֵּב, הַעֲצֵב
ווערען — הֵעָצֵב
טרויעריגקייט — עַצְבוּת, עֲצֵבוּת, אֲבֵלוּת, תּוּגָה
טרויער-מאַרש — מַרְשׁ־אֵבֶל
טרויער קליידער — בִּגְדֵי אֵבֶל, בִּגְדֵי אַלְמְנוּת
טרויערען — הִתְעַצֵּב, הִתְאַבֵּל עַל-, אָבֹל
דאָס — הִתְעַצְּבוּת, הִתְאַבְּלוּת
טרומייט ג. Trompete) — טְרִימוֹטָה, חֲצוֹצְרָה
טרומייטערן — חַצְצֵר, תָּקֹעַ בַּחֲצוֹצְרָה, בַּשּׁוֹפָר, בִּטְרִימוֹטָה
טרונע = טרומנע — אָרוֹן לְמֵת
טרונק (ג. Trunk) — גְּמִיאָה, גְּמִיעָה, שְׁתִיָּה, לְגִימָה
גיבען אַ טרונק — שָׁתֹה, גָּמֹעַ
אַ טרונק וואַסער — כּוֹס מַיִם, מַיִם לִשְׁתּוֹת
איך וויל אַ טרונק — צָמֵא אָנֹכִי
ער האָט ליעב דעם טרונק — הוּא שִׁכּוֹר, שׁוֹתֶה לְשָׁכְרָה
גיב מיר אַ טרונק — הַשְׁקֵנִי נָא, תְּנָה נָא מְעַט מַיִם
אַ טרונק בראָנפען — כּוֹס יֵ״ש
אַ גוטער טרונק — מַשְׁקֶה טוֹב
טרוס (ר. трусъ) — יָרֵא, מוּג לֵב, פַּחְדָן
טרופּע (truppe) — לַהֲקָה, גְּדוּד
טרוקען (ג. trocken) — יָבֵשׁ, חָרֵב, נָגוּב
טרוקען ברויט — לֶחֶם יָבֵשׁ, פַּת חֲרֵבָה
אין דער טרוקען — בְּמָקוֹם יָבֵשׁ
ס׳איז מיר טרוקען אין האַלז — גְּרוֹנִי נִחָר
אַרויס טרוקען — יָצֹא בְּשָׁלוֹם
אַ טרוקענער פראָסט — קֶרַח יָבֵשׁ (בלי שלג)
אַ טרוקענער ווינט — רוּחַ צַח
איך וועל שוין טרוקען ניט אַרויס — פָּטוּר בְּלֹא כְּלוּם אִי אֶפְשָׁר
ווערען — יָבֹשׁ, חָרֹב
טרוקעניש — יַבָּשָׁה, חֹרֶב, חֲרָבָה, יַבֶּשֶׁת
טרוקענען — יַבֵּשׁ, הוֹבֵשׁ, נַגֵּב
טרוקענקייט — יֹבֶשׁ, יְבֵשׁוּת, חֹרֶב
טרחה = מיהע
אומזיסט די טרחה — לַשָּׁוְא יְגִיעָתְךָ, לָרִיק טָרְחֲךָ
טריאָ (trio) — טְרִיָּה, שִׁלְשׁוֹן (נגינה בשלושה קולות)

טריאוּמף (triumph) — נִצָּחוֹן, תְּרוּעַת נִצָּחוֹן

טריאוּמפירען — הָרִיעַ נִצָּחוֹן, שׂוֹשׂ בְּנִצְחוֹנוֹ

טריאַנגל (triangle) — שָׁלִישׁ (מין כל״ז); מְשֻׁלָּשׁ

טריבּ (ג. trübe) — עָכוּר, דָּלוּחַ, נִרְפָּשׂ

טריבּע אויגען — עֵינַיִם רַכּוֹת

טריבּ (ג. Trieb) — אוֹפָן מֵנִיעַ, מְסַבֵּב

טריבּוּנע (tribune) — בָּמָה, בִּימָה

טריבּוּנאַל (tribunal) — בֵּית מִשְׁפָּט, בֵּית דִּין, עַרְכָּאָה

טריגאָנאָמעטריע (trigonometrie) — תּוֹרַת הַמְּשֻׁלָּשִׁים, טְרִיגוֹנוֹמֶטְרִיָּה

טריוואַקס = טריפוואקס — חֹמֶר־חוֹתָם

טריט (ג. Tritt) — צַעַד, פְּסִיעָה, פֶּשַׂע, מִדְרָךְ; עָקֵב, כַּף־רֶגֶל

טוּן אַ טריט — צָעֹד, פָּסֹעַ

טריט בּיי טריט — צַעַד בְּצַעַד, עָקֵב בְּצַד אֲגוּדָל, פְּסִיעוֹת קְטַנּוֹת

ער געהט מיר נאָך פוּס־טריט — הוּא הוֹלֵךְ בְּרַגְלַי, כָּרוּךְ אַחֲרַי, שׁוֹמֵר צְעָדַי, מִתְאַבֵּק בְּרַגְלַי, בַּאֲשֶׁר אֵלֵךְ יֵלֵךְ

ער צעהלט די טריט — הוּא סוֹפֵר צְעָדָיו

קוּשען די טריט — נָשֹׁק עֲפַר רַגְלָיו

ער געהט אוים נאָך איהר טריט — כָּלְתָה נַפְשׁוֹ אֵלֶיהָ

אויף שריט אוּן אויף טריט — עַל כָּל מִדְרַךְ כַּף רֶגֶל, עַל כָּל צַעַד

געהן אויף יענעמס טריט — הָלֹךְ בְּעִקְבוֹת־

טריי (ג. treu) — נֶאֱמָן

ת״פ — בֶּאֱמוּנָה

טרײַבּאַטש = טרייבּער

טרייבּעל (ג. Triebel) — קָנֶה, אַבּוּב

טרייבּען (ג. treiben) — נָהֹג, נַהֵל, הַסֵּעַ

טרייבּען די טשערעדע — נָהֹג הָעֵדֶר

טרייבּען סאָלדאַטען — הַסֵּעַ מַחֲנֵה צָבָא

טרייבּען קאַטאָוועס — שַׂחֵק, לוּץ

טרייבּען בּראָנפען — הוֹצֵא יֵין שֶׂרֶף

טרייבּען געשעפטען — סָחֹר, עֲשֵׂה מִסְחָרִים

דאָס וואַסער טרייבּט די ראָד — הַמַּיִם מְנִיעִים אֶת הַגַּלְגַּל

די נויט האָט מיך געטריבּען דערצוּ — הֶהְכְּרַח אִלְּצַנִי, הֱבִיאַנִי לִידֵי כָּךְ

ער טרייבּט איהם פוּנ׳ם שטוּבּ — הוּא מְגָרֵשׁ אוֹתוֹ מִבֵּיתוֹ

וואָס טרייבּט דיך זאָלסט ענטפערן — מַה יַּמְרִיצְךָ כִּי תַעֲנֶה?

טרייבּ די פערד! — דְּפֹק אֶת הַסּוּסִים!

ס׳טרייבּט מיך — מֵעַי הוֹלְכִים, מְשַׁלְשֵׁל אֲנִי

טרייבּען אין האַלז אוּן נאַקען — הָאֵץ בְּ־, דָּחֹף, דָּחֹק אֶת־

טרײַבּער — נוֹהֵג, מְנַהֵג, מַנְהִיג, מַסִּיעַ, רוֹדֵף

פוּן אַ בּהמה — בֶּהָם

פוּן אייזעל — חַמָּר, מְחַמֵּר

טרײַבּער — מְנַקֵּר

טרייבּערן (ר. теребить) — נַקֵּר

דאָס — נִקּוּר

טרייבּ-פעדער — קְפִיץ מֵנִיעַ (בשעון)

טרייבּ־קראַפט — כֹּחַ־מֵנִיעַ, דּוֹחֶה

טרייבּ־ראָד — גַּלְגַּל מֵנִיעַ

טרייהייט — אֵמוּן, אֱמוּנָה, נֶאֱמָנוּת

טריילאָז — בּוֹגֵד

טרייסט (ג. Trost) — נֶחָמָה, נִחוּמִים, תַּנְחוּמִים

טרייסטוּנג = טרייסט

טרייסטען (ג. trösten) — נַחֵם

טרייסטער — מְנַחֵם

טרייסלען (ר. трясти) — הָנֵד, הָנֵעַ, נַדְנֵד, נַעְנֵעַ

זיך — הִתְנַדְנֵד, הִתְפַּרְפֵּר, הִזְדַּעֲזֵעַ, הִתְנַעְנֵעַ, רָעֹד

טרײַף = טְרֵפָה

טרײַף פלייש — בְּשַׂר טְרֵפָה

אַ טרייפער האַלז — זוֹלֵל וְסוֹבֵא

טרייפע סחורה = קאָנטראַבּאַנד

עסען טרייפס — אָכֹל מַאֲכָלִים אֲסוּרִים, מַאַכְלֵי טְרֵפָה

טרייפניאַק — אוֹכֵל טְרֵפוֹת

טרייף־פּסוּל — סֵפֶר אָסוּר

טרײַקײַט = טרייהייט

טרײַשאַפט — אֱמוּנָה, אֵמוּן

טריליאָן (trillion) — טְרִילְיוֹן

טרימעסטער (trimestre) — רֶבַע שָׁנָה, שְׁלֹשָׁה חֳדָשִׁים



טריניזשקע (ר. треножка) — חֲצוּבָה, טְרִיגוֹן

טרינע = טרוּנע

טרינק = טרוּנק

איך וויל אַ טרינק — צָמֵא אָנֹכִי

ס׳איז אַ גוּטער טרינק — מַשְׁקֶה טוֹב הוּא

טרינקאַל — מַתְּנַת כֶּסֶף, כֶּסֶף לִשְׁתִיָּה

טרינקבּאַר — רָאוּי לִשְׁתִיָּה

טרינק־געלט = טרינקאַל

טרינקען (ג. trinken) — שָׁתֹה

גיבּען טרינקען — הַשְׁקֵה

זיך — הִטָּבֵעַ, טָבֹעַ, צָלֹל

טרינקער — שׁוֹתֶה, שׁוֹתָן, סוֹבֵא, שַׁתְיָן

טריסנען (ר. треснуть) — הִתְפַּקֵּעַ

טריף = טריוואַקס

טריפּעל (ג. Tripel) — טְרֶפֶּל (אֶבֶן קְרֶטִיקוֹן)

טריפען (ג. triefen) — נָטֹף, זָלֹף, טַפְטֵף, רָעֹף, דָּלֹף, עָרֹף

ס׳טריפט מיר דאָס בּלוּט — דָּמִי שׁוֹתֵת

טריפּען (ר. трепать) — מָרֹט, עָקֹר, תָּלֹשׁ

זיך — הִתָּלֵשׁ, הֵעָקֵר, הִמָּלֵט

טריפּער (ג. Tripper) — זוֹב, זִיבָה (מחלת המין)

טריף-פּסוּל = סֵפֶר אָסוּר

טריקאָט (tricot) — טְרִיקוֹט

טריק-טראַק — טְרִיק־טְרַק (מין משחק)

טריקען = טרוּקען

טריקענען (ג. trocknen) — יַבֵּשׁ, הוֹבֵשׁ, נַגֵּב

זיך — הִתְיַבֵּשׁ

טריקענקייט — יְבֵשׁוּת, יָבֵשׁ, חָרֵב

טרישאַק — טְרִישַׁק (מין משחק קלפים)

טרעבּוּך (ר. требуха) — קְרָבַיִם; כֶּרֶס גְּדוֹלָה; כַּרְסְתָן

טרעבּעווען (ר. требовать) — דָּרֹשׁ, תָּבֹעַ

די צייט טרעבּעוועט דאָס — הַזְּמַן דּוֹרֵשׁ זֹאת, הַשָּׁעָה צְרִיכָה לְכָךְ

טרעגער (ג. Träger) — סַבָּל, כַּתָּף, מְכַתֵּף

טרעגעריי — סַבָּלוּת

טרעוואָגע (ר. тревога) — מְהוּמָה, הֲמוּלָה, חֲרָדָה

קלאַפּען טרעוואָגע — הַתְרֵעַ, תּוֹפֵף לְהַזְהִיר

אָנמאַכען אַ טרעוואָגע — עוֹרֵר מְהוּמָה

טרעטען (ג. treten) — דָּרֹךְ, רָמֹס, בּוֹס, בָּסֹס; צָעֹד, פָּסֹעַ

ווײַן — דָּרֹךְ עֲנָבִים

דעם בּויגען — דָּרֹךְ קַשְׁתּוֹ

מיט די פיס — רָמֹס בְּרַגְלָיו

מע טריט אויף די קעפ — פּוֹסְעִים עַל רָאשֵׁי אֲנָשִׁים

טרעל (ר. трель) — סִלְסוּל (קול)

טרעלבּוּך = טרעבּוּך

טרעליײַקען = טרעלען — צָרֹחַ, צָוֹחַ

טרעלען (ג. trillern) — סַלְסֵל הַקּוֹל

טרעמבּוּך = טרעבּוּך

טרענען (ג. trennen) — הַפְרֵד, הַתֵּר הַתְּפָר, פָּרֹם

די אָדערען — פָּתֹחַ הַגִּידִים

זיך — הִתְפָּרֵד, (הִתְפַּתֵּחַ), הֻתֵּר

טרעסעל = טרייסעל

טרעסלען = טרייסלען

טרעפּ (ג. Treppe) — מַדְרֵגוֹת, מַעֲלוֹת, סֻלָּם

טרעפּל — מַדְרֵגָה, מַעֲלָה, כֶּבֶשׁ

טרעף (אין קאָרטען) (ג. Treff) — צְלָב

טרעפען (ג. treffen) — מָצֹא, הָבֵן, כַּוֵּן; קָרֹה; קָלֹעַ

טרעפען אין ציל — קָלֹעַ אֶל הַמַּטָּרָה

אַ רעטעניש — מָצֹא חִידָה

וואָס שפּעטער וועט זײַן — הָבֵן מֵרֹאשׁ, הַגֵּד מֵרֵאשִׁית אַחֲרִית

עמיצען אין דער היים — מָצֹא אֶת־ בְּבֵיתוֹ

ס׳האָט איהם געטראָפען אַן אומגליק — אָסוֹן קָרָה לוֹ

צוּם פּיק, אין קאַרב — קָלֹעַ אֶל הַמַּטָּרָה

היינט גע טרעף! — הַשְׁתָּא, הַשְׁתָּא צֵא וְהָבֵן, פּוּק וּמְצָא

האָסט ניט געטראָפען! — לֹא מָצָאתָ! לֹא כִּוַּנְתָּ!

געטראָפען! — אֱמֶת! מָצָאתָ, נָכוֹן!

אַ דוּנער האָט איהם געטראָפען — בָּרָק מָצָא אוֹתוֹ, רַעַם הָלַם אוֹתוֹ

זיך — הִקָּרֵה, הִמָּצֵא, אָרֹעַ, אָרֵעַ

מיט עמיצען — הִקָּרֵה עִם־, הִזְדַּמֵּן עִם־

אַ מעשה — הִקָּרֵה דָּבָר, אָרֹעַ, אָרֵעַ

אַ נס — הִתְרַחֵשׁ נִיסָּא

טרעפעניש — פְּגִישָׁה, פְּגִיעָה; כִּוּוּן, מְצִיאָה
טרעפער — קוֹסֵם, נָבִיא; מוֹצֵא חִידָה
טרעפערין — קוֹסֶמֶת, נְבִיאָה
טרער (ג. Träne) — דֶּמַע, דִּמְעָה
וויינען מיט ביטערע טרערען — בָּכֹה מַר
ער גיסט מיט טרערען — שׁוֹפֵךְ פַּלְגֵי דְמָעוֹת, בּוֹכֶה בִּדְמָעוֹת שָׁלִישׁ
טרערען האָבען זיך איהם געשטעלט אין די אויגען — דְּמָעוֹת נִרְאוּ, נוֹצְצוּ בְּעֵינָיו
טרערען — דָּמֹעַ, דָּלֹף, זָלֹג דְּמָעוֹת
ס׳טרערט מיר דאָס אויג — עֵינִי תִדְמַע, דּוֹלֶפֶת
טרעשטש (ר. трескъ) — נֶפֶץ, הִתְפּוֹצְצוּת; חֲרִיקָה
טרעשטשען — חָרֹק, הַשְׁמֵעַ קוֹל נֶפֶץ
טרפה = פאַרבאָטענע שפּייז
אַ טרפה׳נער האַלז — זוֹלֵל וְסוֹבֵא
טרפ׳ניאַק — טָמֵא, אוֹכֵל טְרֵפוֹת
טרפות — טְרֵפָה, טְרֵפוֹת
טרפ׳ען זיך — הָלֹךְ וְהֵעָשֵׂה טְרֵפָה
טשאָבעטע (ר. чоботъ) — נַעַל גַּס; מִין מָחוֹל רוּסִי
טאַנצען טשאָבעטע — הִתְהוֹלֵל
טשאַד (ר. чадъ) — קִיטוֹר, קֶדַח
אַ מבין אויף אַ טשאַד — מֵבִין בְּרֶמֶז, בִּרְמִיזָא
טשאַדנע — מָלֵא קִיטוֹר, קֶדַח
ס׳איז טשאַדנע — קִיטוֹר נוֹדֵף
טשאַדען — עָלֹה קִיטוֹר מִ־, נָדֹף קִיטוֹר מִ־
טשאַוואָן = טשוגון
טשאַטעווען (פּ. czatować) — אָרֹב לְ־, צָדֹה
טשאַטע (פּ. czata) — חֶבְרָה, כְּנוּפְיָה, סִיעָה, מַחֲנֶה
טשאַטעס ווייס — כְּנוּפְיוֹת, כְּנוּפְיוֹת
א טשאַטע וועלף — עֵדֶר זְאֵבִים
טשאַיניק (ר. чайникъ) — תֵּאוֹן, קֻמְקוּם
האקען א טשאַיניק — הַרְבֵּה לַהַג, גֻּזְמָאוֹת
טשאַינע (ר. чайна) — בֵּית מִשְׁתֵּה תֵּה
טשאַכאָטניק — מֻכֵּה שַׁחֶפֶת, חוֹלֵה שַׁחֶפֶת
טשאַכאָטעטשניק = טשאכאָטניק
טשאַכאָטקע (ר. чахотка) — שַׁחֶפֶת
באקומען — הִשָּׁחֵף

טשאָכאָל (ר. чехолъ) — צִפּוּי, כִּסּוּי, נַרְתִּיק, מַעֲטָפָה, תַּכְרִיךְ
טשאַכנען (ר. чахнуть) — כָּחֹשׁ, הֵרָזֵה, הִתְנַוֵּן
טשאָלענט — חַמִּין, חַמִּים (מהמלה הצרפתית chaud שהיתה נכתבת בצרפתית ישנה chaulde)
שטעלען אין טשאָלענט — טָמוֹן בְּרֶמֶץ, בְּתַנּוּר סָגוּר
טשאַמקען — לָעֹס, דֹּק בְּכַפֵּי
טשאָפּרינע (ר. чуприна) — בְּלוֹרִית, צִיצַת רֹאשׁ
טשאַק (פּ. cacko) — כָּבוֹד, הָדָר
מיט׳ן גאַנצען טשאק — בְּכָל כְּבוֹדוֹ וַהֲדָרוֹ
טשאַקעוו (א שטאָט) איינגעהמען — הִתְפָּאֵר בִּגְבוּרָתוֹ, בְּהַצְלָחָתוֹ
טשאַקענדיג — בְּכָבוֹד וְהָדָר מְפֹאָר
טשאָרט (ר. чертъ) — שֵׁד, שָׂטָן; מְחַבֵּל, מַזִּיק
טשאָרנע (ר. черновая) — טְיוּטָה, הַנּוּסְחָה הָרִאשׁוֹנָה
אָנשרייבען אַ טשאָרנע — כָּתֹב טְיוּטָה
טשאַשקע (ר. чашка) — סַף, סֵפֶל, טַס
טשוב (ר. чубъ) — בְּלוֹרִית, צִיצַת רֹאשׁ
טשובאַטע — בַּעַל בְּלוֹרִית
טשובען זיך — סָחֹב אִישׁ רֵעֵהוּ בְּצִיצַת רֹאשׁ, הִסָּחֵב בִּבְלוֹרִית
טשוגון (ר. чугунъ) — בַּרְזֶל סִיגִים
טשודנע (ר. чудный) — נִפְלָא
טשוואַניוק — מִתְפָּאֵר, מִתְהַלֵּל
טשוואַנען זיך (ר. чваниться) — הִתְפָּאֵר, הִתְהַלֵּל
טשוואָק (פּ. ćwiek) — מַסְמֵר, יָתֵד
טשוטקע (ר. чуткій) — חוּשׁ חַד, שְׁמוּעָה חַדָּה
אַ טשוטקע שלאָף — שֵׁנָה קַלָּה
טשוטשעלע (ר. чучело) — פּוּחְלָץ, דַּחֲלִיל
טשוכען זיך (פּ. czochać) — הִתְגָּרֵד
טשומערקע — מְעִיל קוֹזָקִים, אִכָּרִים
טשופּיק = טשיפּעק
טשופּרינע = טשאָפּרינע
טשיבוק (ר. чубукъ) — קְנֵה מִקְטֶרֶת
טשייניק = טשאַיניק
טשיינע = טשאַינע



טשיכאָל = טשאָכאָל
טשין (ר. чинъ) — מַדְרֵגָה, מַעֲלָה
פאַרדינען א טשין — זָכֹה לְמַדְרֵגַת כָּבוֹד, עָלֹה לְמַעֲלַת־
טשינאָווניק (ר. чиновникъ) — פָּקִיד, מְמֻנֶּה, פְּקִיד הַמֶּמְשָׁלָה
טשינש (ר. чиншь) — מַס
טשיסטע (ר. чистый) — נָקִי
טשיסטע־אָטסטאַווקע — פְּטוּרִים לַחֲלוּטִין
טשיסטע־משוגענער — מְשֻׁגָּע מוּחְלָט
טשיפּעק (פּ. czypek) — שָׁבִיס, כְּבֵנָה
טשיפּליאַווע (ר. шепелявый) — כְּבַד לָשׁוֹן, עִלֵּג, מְדַבֵּר בִּשְׁרִיקָה
טשיפּען (ר. щипать) — צָבֹט, לָחֹץ
טשיקאַווע (ר. ciekawy) — סַקְרָנִי, תָּאֵב לַחֲדָשׁוֹת
טשיקאַוועס = טשיקאַוועסטש — סַקְרָנוּת
זאָג מיר אויף טשיקאַוועס — אֱמוֹר לִי בִּשְׁבִיל סַקְרָנוּת, רַק לְמַעַן דַּעַת
טשיריק (פּ. czyrek) — כִּיב
טשישען — הַהֲסֵה
טשמאָקען (ר. чмокать) — שָׁרֹק
טשמעל — מַהֲלוּמָה
טשעהאַר — חוֹרְשָׁה
טשעטווערט (ר. четверть) — רֹבַע, רֶבַע, רְבִיעִית
טשעך — בּוֹהֵמִי
טשעכאָל = טשיכאָל
טשעכאָטקע = טשאכאָטקע
טשעכאָן׳ (ר. чехонь) — דַּג־תַּעַר
טשעכען זיך = טשוכען זיך
טשעלאָ (ר. чело) — רֹאשׁ, נִכְבָּד

טשעלוסטע (ר. челюсть) — לֶסֶת
טשעלישטע — כּוּרַיִם, כּוּר בַּרְזֶל
טשעמאָדאַן (ר. чемоданъ) — אַמְתַּחַת, זַוְדָא, מִזְוָדָה
טשעמעריצע — הַרְזֵף, יַחֲנוּן
טשעסלער = סטאָליאַר
טשעפּ = ריס — קֶרַע, פֶּרֶץ
טשעפּטשעכע — הַמְסֵס
טשעפּען (ר. czepiać) — נָגֹעַ בְּ־
טשעפּע מיך ניט — הַנַּח לִי, אַל תִּגַּע בִּי
טשעפּען פּאָקען — דַּבֵּק, הַדְבֵּק אֲבַעְבּוּעוֹת
זיך — בַּקֵּשׁ תּוֹאֲנוֹת לְ־, הִתְאַנֵּה לְ־
טשעפּקע (ר. цѣпочка) — שַׁרְשֶׁרֶת קְטַנָּה
פון אַ בוים — שָׁתִיל, עֲנַף הַרְכָּבָה
ער געהט טשעפּקע — הוּא לָבוּשׁ נְקִיִּים, חֲמוּדוֹת
טשעפּקעקייט — נִקָּיוֹן, חֲמוּדוֹת
טשעק (chèque) — הַמְחָאָה, שֶׁיק
טשערנישקע (ר. чернушка) — קֶצַח, אֶכְמָנִית
טשערע (ר. чередъ) — תּוֹר
ס׳איז שוין געקומען מיין טשערע — הִגִּיעַ תּוֹרִי
טשערעדע (ר. череда) — עֵדֶר
טשערעוויים — חֲלִיפוֹת, מַסָּח
טשערעט (ר. очеретъ) — סוּף, קָנֶה, אַגְמוֹן, גֹּמֶא, אֵבֶה
טשערעט׳ן — שֶׁל קָנֶה, גֹּמֶא, אַגְמוֹן
טשערעפּ (ר. черепъ) — גֻּלְגֹּלֶת; רַעַף, קַרְמִיד
טשערעפּאַכע (ר. черепаха) — צָב־הַשִּׁרְיוֹן, גָּלָה (גַּלִּים)
טשערעפּיצע = טשערעפּ — רַעַף, קַרְמִיד
טשערפּען (ר. черпать) — שָׁאֹב, מַלֵּא
טשעשלער = טישלער
טשעשען = טעסען — הַקְצֵעַ, סַתֵּת

# י

י — האות העשירית בא״ב העברי והיהודי. במספר ערכה עשרה = 10

**יאָ** (ג. ja) — כֵּן, הֵן
ס׳איז בײַ איהם יאָ מיט ניין גלייך — הֵן וְלַאו שָׁוִים אֶצְלוֹ
מיט יאָ — בְּחִיּוּב
דיין יאָ און דיין ניין — הֵן שֶׁלְּךָ וְלַאו שֶׁלְּךָ
יאָ, צי ניין? — הֵן אוֹ לַאו?
ס׳איז בײַ איהם יאָ און ניין — הֵן וְלַאו וְרַפְיָא בְּיָדֵיהּ

**יאַבעדע** (ר. ябеда) — חִרְחוּר רִיב, מַלְשִׁינוּת, דֵּלָטוֹרְיָה
**יאַבעדניק** — מְחַרְחֵר-רִיב, מַלְשִׁין, אִישׁ מָדוֹן, מִתְאַנֶּה
**יאַבעדען** — חַרְחֵר רִיב, הַלְשֵׁן, בַּקֵּשׁ תּוֹאֲנוֹת
**יאַגד** (ג. Jagd) — צַיִד
אויף יאַגד געהן — הָלֹךְ, יָצֹא לָצוּד צַיִד
**יאַגאָדע** (ר. ягода) — גַּרְעִין, גַּרְגִּיר
**יאָג-הונד** — כֶּלֶב צַיִד
**יאָגען** (ג. jagen) — רָדֹף, רוּץ, רָהֹט
עמיצען — רָדֹף, רַדֵּף אֶת־
זיך — מַהֵר, רוּץ, רָדֹף אַחֲרֵי־
**יאָגעניש** — רְדִיפָה, רִיצָה, חִפָּזוֹן
**יאַד** (ר. ядъ) — סַם־מָוֶת, אֶרֶס, רַעַל
**יאָד** (jod) — יוֹד
**יאָדאָפאָרם** — יוֹדִינָה
**יאָדין** = יאָד
**יאַדלע** (פ. jedlina) — אַשׁוּחַ
**יאָדלענע** = יאדלע
**יאדלעווע** — שֶׁל אַשׁוּחַ
יאָדלעווער וואַלד — יַעַר אַשׁוּחִים

**יאַדען** (פ. jadać) — מָרֵר בַּדְּבָרִים אֶת-, עָקֹץ אֶת
**יאָדער** (ר. ядро) — חַרְצָן, גַּרְעִין
**יאָדערדיג** — גַּרְעִינִי
אַ יאָדערדיג אידעל — יְהוּדִי בַּעַל בָּשָׂר
**יאַדעשליווע** (ר. одышливый) — קְצַר הַנְּשִׁימָה, חוֹלֵה אַסְטְמָה
**יאָדרע** = יאָדער
**יאָהר** (ג. Jahr) — שָׁנָה, שַׁתָּא, יָמִים
צוויי יאָהר — שְׁתֵּי שָׁנִים, שְׁנָתַיִם
איבער אַ יאָהר — לְשָׁנָה הַבָּאָה, כָּעֵת חַיָּה
היינטיגס יאָהר — הַשָּׁנָה, הָשַׁתָּא
אין אַ יאָהר אַרום — בְּעוֹד שָׁנָה, כָּעֵת חַיָּה
אַ איד פון אַ גאַנץ יאָהר — יְהוּדִי פָּשׁוּט, סְתָם
פון יאָהר צו יאָהר — מִיָּמִים יָמִימָה
אַ גוט יאָהר — שָׁנָה טוֹבָה
אַ יאָהר אַלט — בֶּן שָׁנָה, בֶּן שְׁנָתוֹ
אַז אָך און וועה איז די יאָהרען! — אוֹי לְאָזְנַיִם שֶׁכַּךְ שׁוֹמְעוֹת, אוֹי לַדּוֹר שֶׁכַּךְ עָלָה לוֹ
יאָהרען לאַנג — מֶשֶׁךְ שָׁנִים, זֶה שָׁנִים הַרְבֵּה
די יאָהרען זאַגען נאָך פאַר דיר — עוֹד יָמֶיךָ לְפָנֶיךָ, עוֹד צָעִיר לְיָמִים אַתָּה
אָפגעשניטענע יאָהר — שָׁנִים מְקֻצָּרוֹת, כָּרֵת
אַריינקומען אין די יאָהרען — בֹּא בַיָּמִים, בַּשָּׁנִים
איבער הונדערט און צוואנציג יאָהר — לְאַחַר מֵאָה וְעֶשְׂרִים שָׁנָה (אַחֲרֵי מוֹת)
צו אַלדי שווארצע יאָהר — לַעֲזָאזֵל
מיר צו לאַנגע יאָהר — לִי לְאֹרֶךְ יָמִים, לְהַבְדִּיל
לאנגע יאָהר זאָלסטו האָבען! — יַאֲרִיכוּ יָמֶיךָ
אַזא יאָהר אויף מיר! — כֵּן תִּיטַב שְׁנָתִי, שָׁנָה טוֹבָה כָּזֹאת לִי!



יאָהר אויס יאָהר איין — שָׁנָה יוֹצֵאת, שָׁנָה נִכְנֶסֶת, מִדֵּי שָׁנָה בְשָׁנָה
אזא יאָהר זאָל איך האָבען — שָׁנָה טוֹבָה כָּזֹאת תָּבֹא לִי
אין די יונגע יאָהרען — בִּימֵי הַבַּחֲרוּת
אין די מיטעלע יאָהרען — בַּחֲצִי יָמַי, יָמָיו
אין די עלטערע יאָהרען — בִּימֵי הַזִּקְנָה, בְּזִקְנוּתִי
יאָהר יעָהרליך — מִדֵּי שָׁנָה בְשָׁנָה
פון יאָהר צו יאָהר — מִיָּמִים יָמִימָה
פאר א יאָהרען — לִפְנֵי שָׁנָה, אֶשְׁתָּקַד, בַּשָּׁנָה שֶׁעָבְרָה
אין איינע יאָהרען — בֶּן־גִּיל, מִסְפָּר שָׁנִים שָׁוֶה
פריהער מיט יאָהרען — לִפְנֵי שָׁנִים
זיי זאנען גלייכע יאָהרען — יְמֵי שְׁנוֹתֵיהֶם שָׁוִים
אמאָליגע יאָהרען — שָׁנִים קַדְמוֹנִיּוֹת
ער איז שוין אין די יאָהרען — כְּבָר בָּא בַּשָּׁנִים
מיר האָבען זיך דערלעבט יאָהרען — שָׁנִים, יָמִים בָּאוּ לָנוּ, הִגִּיעוּ שָׁנִים, יָמִים!
שוין א וועלט מיט יאָהרען — זֶה שָׁנִים רַבּוֹת
ס׳איז א מעשה אויף יאָהרען — הִלְכְתָא לִמְשִׁיחָא
ער איז געוואָרען ווי א שווארץ יאָהר — הָיָה דַל מְאֹד
אויף שפעטער מיט יאָהרען — לְאַחַר שָׁנִים רַבּוֹת

**יאָהרהונדערט** — מֵאָה שָׁנִים, מֵאָה
**יאָהר־בוך** — סֵפֶר שְׁנָתִי, סֵפֶר־שָׁנָה, שְׁנָתוֹן
**יאָהריג** — שְׁנָתִי, בֶּן שָׁנָה
**יאָהר-מארק** — יָרִיד, יוֹם הַשּׁוּק
**יאָהר-טויזענד** — שְׁנַת-אֶלֶף
דער דריטער יאָהר טויזענד — שְׁנַת הָאֶלֶף הַשְּׁלִישִׁי
**יאָהרען** — בַּלֵּה שָׁנִים, אַחֵר שָׁנִים
**יאָהר־עדות** — עֵד שָׂכוּר, לוֹקֵחַ שֹׁחַד, עֵד שְׂכִיר שָׁנָה
**יאָהרצייט** — הַזְכָּרָה שְׁנָתִית, יוֹם הַזִּכָּרוֹן
שטעלען יאָהרצייט — הַזְכֵּר נִשְׁמַת־, הַדְלֵק נֵר לְנִשְׁמַת־
מענסט שוין שטעלען יאָהרצייט — אָמוּר נוֹאָשׁ לְ-
**יאָהרצייט-ליכט** — נֵר הַזְכָּרָה, נֵר־נְשָׁמָה שְׁנָתִי
**יאָהרקעווען** = יאָהרען
**יאַווען זיך** (ר. явиться) — הֵרָאוֹת, בֹּא, הוֹפֵעַ לִפְנֵי־

**יאַווקע** (ר. явка) — בִּיאָה לִפְנֵי־, הוֹפָעָה לִפְנֵי־
**יאַווקען** — יַלֵּל (כחתולים)
**יאַזדע** (פ. jazda) — נְסִיעָה; עֲגָלָה
**יאָזש** = איזשאַק (ר. ёжъ) — קִפּוֹד
**יאַחנע** = יאַכנע
**יאַט** — עֶלֶם, נַעַר
**יאַט־ל** — יֶלֶד; מַמְזֵר
**יאַטקע** (פ. jatka) — אִטְלִיז, מַקּוּלִין, חָנוּת שֶׁל בָּשָׂר, קַצָּבִיָּה
**יאַטרען זיך** (ג. eitern) — הִתְמַגֵּל, עָלֹה מוּגְלָא, הָמֵק בָּשָׂר
**יאַך** = איך
**יאָך** (ג. Joch) — עֹל, סֵבֶל, מוֹטָה, מוֹט
**יאָך** = יויך — מָרָק
**יאַכט** (ג. Jacht) — אֳנִיָּה קַלָּה, סְפִינִית
**יאַכט** = יאַגד — צַיִד
**יאַכנע** — נְבָלָה (כאַחת הנבלות תדברי), אִשָּׁה פְּשׁוּטָה, גַּסָּה, מוּזֶרֶת בַּלְּבָנָה
**יאַכעל** — מְעַט מָרָק
**יאכענפלאסטער** (diochylon) — אִסְפְּלָנִית דִּיאַכִילִי, גּוּמוּזִי, רְטִיָּה מְרֻכֶּבֶת
**יאַלאָווע** (ר. яловый) — עָקָר, לֹא פּוֹרֶה
יאַלאָווע קוה — פָּרָה שֶׁלֹּא יָלְדָה
**יאַלאָווקע** = יאַלאָווע קוה
**יאָלאָפּ** (ר. елопъ) — נִרְפֶּה, אִי־מָהִיר; שׁוֹטֶה
**יאָלד** — תָּם, תָּמִים; יוֹלְד, גַּנְדְּרָן
**יאָלדאָווקע** — גַּנְדְּרָנִית, מִתְיַפָּה
**יאַלעווקע** = יאַלאָווקע
**יאָמער** (ג. Jammer) — יְלָלָה, יְלֵל, נְהִי, יְבָבָה
**יאָמערליך** — שֶׁל נְהִי, שֶׁל יְלָלָה, עָצֵב, מַעֲצִיב
**יאָמערן** — יַלֵּל, הֵילֵל, יַבֵּב, נָשֹׂא נְהִי
**יאָמערטאָל** — עֵמֶק הַבָּכָא
**יאַמקע** (ר. ямка) — גּוּמָה, כּוּךְ
**יאַמש** — חִזְרָן, קְנֵה סִינִים
**יאַנואַר** (ר. январь) — יַנּוּאַר (החדש הראשון למספרם)
**יאַסטרעב** (ר. ястребъ) — נֵץ
**יאָנטעוו** = יום־טוב
**יאַסלע** (dziąsło) — עוֹר הַשִּׁנַּיִם, בְּשַׂר הַשִּׁנַּיִם, חָנִיךְ, חֲנִיכַיִם

יאַסמין (jasmin) — יַסְמִין (פרח)
יאַסענע (ר. ясень) — מֵילָה (עץ)
יאַסענאָווע — שֶׁל מֵילָה
יאָספּיס (jaspis) — יָשְׁפֵה (אבן חן)
יאַקאָס (פּ. jakoś) — בְּאֵיזֶה אֹפֶן שֶׁהוּא
יאַקבּע (פּ. jakby) — כְּאִלּוּ, כִּבְיָכוֹל
יאַר (ר. ярь) — שׁוּחָה, עֵמֶק, גֵּיא
יאַריד — יָרִיד, יוֹם הַשּׁוּק
יאַרידניק — נוֹסֵעַ עַל יְרִידִים
יאַרליק (ר. ярлыкъ) — פִּתְקָה, רְשִׁימָה, כְּתֹבֶת
יאַרמאָ (ר. ярмо) — עֹל, סֵבֶל
יאַרמאָלקע (פּ. jarmułka) — כִּפָּה, כֻּמְתָּא
יאַרע־וואַקס (ר. ярый воскъ) — דּוֹנַג חָדָשׁ
יאַרענע (ר. ярина) — זֶרַע קַיִץ
יאַשטשערקע (פּ. jaszczurka) — לְטָאָה
לאַכען מיט יאַשטשערקעס — צָחֹק בִּכְאֵב לֵב
יָבֵשׁ = טריקען
ס׳איז שוין יבש — נוֹאָשׁ, אָבַד
יבשה = טריקעניש, קאָנטינענט
יד־אַחת = איין האַנט
ידיעה = נאַכריכט
איך האָב ניט פון איהם קיין שום ידיעה — לֹא נוֹדַע לִי מִמֶּנּוּ דָּבָר, לֹא אֵדַע דָּבָר עַל אֹדוֹתָיו
ער האָט אַ ידיעה אין דרינען — הוּא בָּקִי בָּזֶה, יוֹדֵעַ פֶּרֶק בְּ־
יַדען = קענער, ווייסער
יובילאַר — בַּעַל יוֹבֵל, חֲתַן יוֹבֵל
יובילוי — יוֹבֵל, חַג הַיּוֹבֵל
יובילייאום = יובילוי
יובל = יובילוי
אַמאָל אין אַ יובל — פַּעַם אַחַת בְּיוֹבֵל
יובעליר (פּ. jubiler ג. Juwelier) — זֶהָבִי, צוֹרֵף, סוֹחֵר בַּאֲבָנִים טוֹבוֹת
יובעלירער = יובעליר
יובקע (ר. юбка) — שִׂמְלָה תַּחְתּוֹנָה
יוגענט (ג. Jugend) — עֲלוּמִים, נְעוּרִים, נֹעַר, נַעֲרוּת, יַלְדוּת, בַּחֲרוּת, יַנְקוּתָא, בְּחוּרוֹת
יוגענטליך — מָלֵא עֲלוּמִים
יוגענט־פרוי — אֵשֶׁת נְעוּרִים

יוגענט־פריינד — רֵעַ נְעוּרִים
יוד — שם האות העשירית מהא״ב העברי והיהודי
יוד = איד — יְהוּדִי
יודיש — יְהוּדִי; יְהוּדִית
יודישליך — כְּמִנְהַג, כְּדֶרֶךְ יְהוּדִי
יודישקייט — יַהֲדוּת
אויף מיין יודישקייט — בְּיַהֲדוּתִי
יודע = ווייסער
יודע הכל = אַלוויסענדער
יודע נגן — מוזיקער; געניטער אין־
יודע ספר = גראַמאַטנער
יודישען — הַכְנֵס אֶת־ בִּבְרִיתוֹ שֶׁל אַבְרָהָם, מוֹל
יודענע — יְהוּדִיָּה
יודעלע — יְהוּדִי קָטָן
רויטע יודעלעך — הַיְּהוּדִים הָאֲדֻמִּים (שמעבר לנהר סמבטיון)
יודענטום — יַהֲדוּת
יודענפיינד — שׂוֹנֵא הַיְּהוּדִים, צוֹרֵר הַיְּהוּדִים
יולי — שם החדש השביעי למנינם — יוּלִי
יוטש! — גֵּשׁ הָלְאָה!
יוטשען — נָאֹק כַּחֲזִיר
יויזעל — מְשִׁיחַ הַנּוֹצְרִים, יֵשׁוּ (jesus)
יויך — מָרָק (פּ. jucha)
גילדענע יויך — מְרַק־זָהָב, מָרָק שֶׁלְּאַחַר הַחֻפָּה
יוירען = גערען
יוכט (פּ. jucht) — עוֹר יוּכְטָה
יוכטאָווע — שֶׁל יוּכְטָה
יוכטע (ר. юшка) — מִכְסֵה הָאֲרֻבָּה
יולדת = יוֹלֶדֶת, יוֹלֵדָה
יום־טוב = פייערטאָג
יום־טוב׳דיג — כְּדֶרֶךְ יוֹם־טוֹב, כְּבְיוֹם־טוֹב
יום־הדין — געריכט־טאָג
יום ולילה = טאָג און נאַכט — יוֹמָם וָלַיְלָה
יָוָן = אִישׁ צָבָא, חַיָּל
אַלע יונים האָבען איין פנים — מַרְאֶה אֶחָד לְכָל אַנְשֵׁי הַצָּבָא; כָּל פְּנֵי הַצְּפָרִים אֵינָם נִכָּרִים
אַריינגעפאַלען ווי אַ יון אין סוכה — נִכְנַס פִּתְאֹם לְתוֹךְ דִּבְרֵי־



יונג (ג. jung) — צָעִיר
אַ וואוילער יונג — עֶלֶם טוֹב
אַ יונג ווי אַ צעדער! — בָּחוּר כָּאֲרָזִים
אַ יונג מיט ביינער — בֶּן חַיִל
יונגאַטש — גַּס, רֵיקָא
יונגעל — נַעַר, בָּחוּר, טַלְיָא
יונגער — צָעִיר מִ־
יונגערהייט — בְּעוֹדֶנּוּ צָעִיר, רַךְ
יונגערמאַן — צָעִיר, עֶלֶם, אַבְרֵךְ
יונגוואַרג — בְּנֵי־נְעוּרִים, זַאֲטוּטִים
יונגעלוויים — בִּנְעוּרַי, בְּבַחֲרוּתִי, כַּד הֲוֵינָא טַלְיָא
יונגעלש — דֶּרֶךְ נַעַר
יונגערמאַן! — פְּלוֹנִי! אַלְמוֹנִי!
יונגערמאַנטשיק = יונגערמאַן
יונגפרוי — עַלְמָה, נַעֲרָה
יוני — שם החדש הששי למספרם — יוּנִי
יונקער (junker) — יוּנְקִיר, חָנִיךְ פְּקִיד צָבָא
יוסטיץ (ג. Justiz) — מִשְׁפָּט, דִּין
יוסטיץ־מיניסטער — מִינִיסְטֶר הַמִּשְׁפָּטִים
יוסטער (ג. just) — בַּעַל הַבַּיִת, אִישׁ אָמִיד
יופט = יוכט (ר. юфть) — עוֹר יוּכְטָה
יופיטער (jupiter) — מַזַּל צֶדֶק
יופע = יובקע (jupe) — שִׂמְלָה
יוצא זיין — יָצֹא יְדֵי חוֹבָתוֹ
פאַר לייטען — יָצֹא יְדֵי הַבְּרִיּוֹת
פאַר יעדען — יָצֹא יְדֵי כָּל הַדֵּעוֹת
פאַר גאָט — יָצֹא יְדֵי שָׁמַיִם, יְדֵי הַמָּקוֹם
מע דאַרף יוצא זיין פאַר דער וועלט מעהר ווי פאַר גאָט — צָרִיךְ לָצֵאת יְדֵי הַבְּרִיּוֹת יוֹתֵר מִידֵי הַמָּקוֹם
אַבי יוצא זיין — אַךְ לָצֵאת יְדֵי חוֹבַת־
פון יוצא וועגען — לְפָנִים, לְמַרְאִית עַיִן, לְשֵׁם יוֹצֵא
מע קאָן ניט יוצא זיין פאַר אַ וועלט — אִי אֶפְשָׁר לָצֵאת יְדֵי כָּל הַבְּרִיּוֹת
יוצרות = פיוט (בִּיחוּד אלה שאחרי תפלת יוצר אור)
פאַרבייטען די יוצרות — עָשֹׂה חֲלִיפִין
יורד = געפאַלענער

יורה־דעה — שם אחד מארבעת חלקי שלחן־ערוך
יורי (jura) — מִשְׁפָּט, דִּינִים; בֵּית דִּין
יורידיש — מִשְׁפָּטִי, דֶּרֶךְ מִשְׁפָּט, ־מִשְׁפָּט
יוריסט (juriste) — עוֹרֵךְ דִּין, יוֹדֵעַ דָּת וָדִין
יוריספרודענץ — חָכְמַת הַמִּשְׁפָּטִים
יורש = ערבער, נאַסליעדניק
יושב אהל = אַ שטוב זיצער, היים־זיצער
יושען (פּ. juszyć) — הִשָּׁפֵךְ, נָזֹל הַרְבֵּה
יושקע (פּ. juszka) — מָרָק
יושקע = יוכטע — מִכְסֵה הָאֲרֻבָּה
יושר = געוויסען, סאָוועסט
אַ יושר אַזוי? — הֲכֵן הוּא הַיֹּשֶׁר?
ער האָט גאָר קיין יושר ניט — אֵין יֹשֶׁר בְּקִרְבּוֹ
יזכור — שם תפלה להזכרת נשמות
זאָגען יזכור — אָמֹר תְּפִלַּת „יִזְכּוֹר"
יִחוס = אָפּשטאַמונג, אידעלע שטאַמונג
יחוס בריף — מִכְתַּב יִחוּס, תְּעוּדַת יִחוּס
יחוס אויפ׳ן בית הקברות אין דערהיים צרות — יִחוּס בִּקְבָרוֹת וּבְבֵית צָרוֹת, יֵשׁ לוֹ יַחַס אָבוֹת וְצָרִיךְ לְבַקֵּשׁ נְדָבוֹת
דער בעסטער יחוס איז דער אייגענער — אֵין יִחוּס כְּיִחוּס עַצְמוֹ
יחוס׳ן זיך — הִתְיַחֵס עַל־, בְּ־; הִתְגָּאֵה בְּיִחוּסוֹ
יחוס־שדוך — שִׁדּוּךְ שֶׁל יִחוּס
יחיד — איין און איינציגער
יחידי־סגולה = געקליבענע מענשען, פער
יחסן = בַּעַל יִחוּס, יַחְסָן
יישר־כח = אַ דאַנק
יכול׳ן = קענען
ער יכול׳ט ניט — אֵינֶנּוּ יָכֹל, לֹא יוּכַל
יכולת = מעגליכקייט
איך בין ניט ביכלת — אֵין לְאֵל יָדִי, אֵין בִּיכָלְתִּי
יללה = קלאָג, יאָמער
יַם — יָם
אַסך — הַרְבֵּה
ים־אָדלער — עָזְנִיָּה
ים־בוזעם — מִפְרַץ־יָם
ים־גזלן = ים רויבער, פיראַט — שׁוֹדֵד יָם
ים־הונט — כֶּלֶב יָם
ים־וואַסער — מֵי־יָם

ים־זאַלץ — מֶלַח־יָם
ים-חזיר — חֲזִיר־יָם
ים־חיה — חַיַּת יָם
ימח שמו — ניט געדאַכט זאָל ער ווערען
ימח־שמו׳ניק — נָבָל, בְּלִיַּעַל
ימים ושנים = אַ וועלט מיט יאָהרען
ימים נוראים = יְמֵי רֹאשׁ הַשָּׁנָה וְיוֹם כִּפּוּר
ים-פיש — דַּג־יָם
ים־פערד — סוּס יָם
ים־קאַץ — חֲתוּל יָם, דְּיוֹנוֹן, דַּג־דְּיוֹ
ים-קראַנקהייט — מַחֲלַת יָם
יניקה = נוּצען־ציהונג
האָבען, ציהען יניקה פון = ציהען פרנסה פון — הָיָה לְ־ מְקוֹר פַּרְנָסָה מִ־, מָצָא לַחְמוֹ מִ־
יסוד = פונדאַמענט
יִסוּרים = ליידען
איך האָב דערפון יסורים — דּוֹאֵג אֲנִי לָזֶה, יֵשׁ לִי יִסּוּרִים מִזֶּה
אָנטון יסורים — הָצֵק לְ־, גָּרֹם יִסּוּרִים לְ־
יע = יאָ — כֵּן, אָמְנָם, הֵן
יעגער (ג. Jäger) — צַיָּד
יעגעריי — צַיִד
יעדנעראל = גענעראַל
יעדענפאַלם (ג. jedefalls) — בְּכָל אֹפֶן, עַל כָּל פָּנִים
יעדער (ג. jeder) — כֹּל, כָּל־, אִישׁ־אִישׁ, כָּל אֶחָד, מִדֵּי
יעדער מענש — כָּל אִישׁ, אִישׁ־אִישׁ
אין יעדער צייט — בְּכָל עֵת, בְּכָל שָׁעָה
יעדער יאָהר — מִדֵּי שָׁנָה בְשָׁנָה
יעדערער ווייסט — הַכֹּל יוֹדְעִים
יעהריג — בֶּן שָׁנָה
אַ ניינציג יעהריגע וועט געבאָרען? — הֲבַת תִּשְׁעִים שָׁנָה תֵּלֵד?
יעהרליך — שְׁנָתִי, שָׁנָה שָׁנָה
יעוונוך = עוונוך
יעזואיט (jesuit) — יְשׁוּעִי
יעזואיטיש — שֶׁל יְשׁוּעִים, כְּדֶרֶךְ הַיְשׁוּעִים
יעזוס (Jesus) — יֵשׁוּ
יעזוס קריסטוס — יֵשׁוּ הַנּוֹצְרִי
יעזיל = יעזוס
יעטוועדער = יעדער
יעטען (ג. jäten) — נַכֵּשׁ
יעלה ויבא — שם תפלה שאומרים בר״ח וביו״ט
יעלה׳ם — פיוט שמזמרים בקול עצב בליל יוכ״פ. ומזה:
ער יעה׳ט — הוּא מְיַלֵּל, בּוֹכֶה
יעלניק (ר. ельникъ) — אַשּׁוּחַ
יעמאָלט (ג. jemals) — אָז, לְפָנִים
יעמאָלם = יעמאָלט
יעמאנד (ג. jemand) — פְּלוֹנִי, אֶחָד, אִישׁ
יעניגער = יענער
יענער (יענע, יענם) (ג. jener) — הַהוּא, הַלָּז, הַלָּזֶה, הַלָּה
יענע — הַהִיא, הַלֵּזוּ
יענע וואָך — הַשָּׁבוּעַ הֶעָבָר
אין יענער שטוב — בְּבֵית הַשָּׁכֵן
אין יענעם און יענעם יאָהר — בִּשְׁנַת כַּךְ וְכַךְ
אויף יענער וועלט — בָּעוֹלָם הַבָּא, בְּעוֹלַם הָאֱמֶת
לעבען אויף יענעמס קאָנט — חַי עַל חֶשְׁבּוֹן אֲחֵרִים
אויף יענער זייט — מֵעֵבֶר לְ־
אויף יענער זייט טייך — מֵעֵבֶר לַנָּהָר
יענץ = יענם
ניט דאָס און ניט יענץ — לָא הָא וְלָא הָא
ניט נאָר דאָס אויך יענץ — לֹא זוּ אַף זוּ
יענצען — נָאֹף
יענקי (אנ. Jankee) — יְלִיד אֲמֶרִיקָה, יַנְקִי
יעסיען = אָסען
יעפרייטער (ר. ефрейтеръ) — שַׂר עֲשָׂרָה (בצבא)
יעצט (ג. jetzt) — עַתָּה, כָּעֵת, עַכְשָׁו
ביז יעצט — עַד עַתָּה, עַד הֵנָּה, עַד כֹּה, עַד עַכְשָׁו
יעצטיג — שֶׁל עַכְשָׁו, שֶׁל הַיּוֹם
יערײ (ר. iepeй) — כֹּהֵן נוֹצְרִי
יפהפיה = שעהנע, קראַסאָטקע (בלשון סגי נהור בהדגשה על הברת „יפה״ יְפֵה־פִיָּה אשה מכוערה)
יפת תאַר = בילד-שעהנע



יצר־הרע — שלעכטער געדאַנק, נייגונג צו-זיך שטעלען אַקעגען יצר הרע — פַּטְפֵּט בְּיִצְרוֹ
ער האָט צו איהר יצר הרע — נַפְשׁוֹ חָשְׁקָה בָּהּ
ס׳האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ יצר הרע — פָּחַז עָלַי יִצְרִי, בָּא חֵשֶׁק בְּלִבִּי
יצר טוב = גוטער געדאַנק — נייגונג צו גוטעס
יקנהז — ר״ת יין, קדוש, נר, הבדלה, זמן
יקר־המציאות = זעלטענהייט
יקרות — טייערע מקחים, געשטיגענער פרייז
יקרן — מוֹכֵר בְּיֹקֶר, יַקְרָן
ירא ושלם = גאָטספאָרכטיג און פאָלקאָם
ירא שמים = גאָטספורכטיג
יִרגזון — רֹגֶז, כַּעַס, „יִרְגָּזוֹן״
ירדן (Jordan) — שם נהר בארץ ישראל
דער ירדן איז איהם קאַרג — מֵי הַיַּרְדֵּן לֹא יַסְפִּיקוּ לוֹ
ער קאָן איינשלינגען דעם ירדן — יָגִיחַ יַרְדֵּן אֶל פִּיהוּ
ירושה = ערבשאַפט
איבערלאָזען ירושה — הוֹרֵשׁ, הַנְחֵל אֶת־
ס׳איז מיר געקומען בירושה — יָרַשְׁתִּי זֶה מֵאֲבוֹתַי, בָּא, נָפַל לִי בִירוּשָׁה מִ־
וואַרטען אויף אַ פעטער ירושה — יָשֹׁב בְּחִבּוּק יָדַיִם, צַפֵּה לִירוּשָׁה גְדוֹלָה
יריעה (פון אַ ספר תורה) = פאַרמענט־בלאַט
ירש׳נען — יָרֹשׁ מִ־
יש — דָּבָר מַמָּשִׁי
אַ גאַנצער יש — אָדָם גָּדוֹל
י״ש = יַיִן שָׂרוּף או יַיִן שָׂרָף = בראָנפען
יִשוב = איבערלעגונג; אַ באַזעצט אָרט
איך דאַרף נאָך האָבען אַ ישוב — צָרִיךְ אֲנִי עוֹד לְהִתְיַשֵּׁב בַּדָּבָר
קומען צו אַ ישוב — הַגֵּעַ לְמָקוֹם נוֹשָׁב
יִשוב הדעת = איבערלעגונג
יִשוב׳ען זיך — הִתְיַשֵּׁב; תָּלֹה בְדַעְתּוֹ
ער יִשוב׳ט זיך צי זאָל ער עס טון צי ניין — הוּא תּוֹלֶה בְדַעְתּוֹ אִם לַעֲשׂוֹת זֹאת אוֹ לֹא
ישיבה — לעהראַנשטאַלט, אַקאַדעמיע, האָכשולע
ישיבה בחור — תַּלְמִיד יְשִׁיבָה
ישועה = הילף
ישיבה־בחור — חֲנִיךְ הַיְשִׁיבָה
ישר = געוויסען, סאָוועסט
יַשר כח = יְיַשֵּׁר כֹּחַ = בראַוואָ, דאַנק
יתום = ווייזע — מי שמת עליו אָביו או אמו
בלייבען אַ יתום — הִשָּׁאֵר יָתוֹם, הִתְיַתֵּם
מאַכען פאר א יתום — יַתֵּם
יתומה — מי שמת עליה אָביה או אמה
יתומה׳שאַפט — יַתְמוּת
יתומ׳יש — שֶׁל יָתוֹם
יִתור — איבערבלייבונג
נעהמען יִתור — לָקוֹחַ הַנּוֹתָר (מן הבגד)

# מלון

## אידי־עברי מלא

נקבצו ובאו בו כל המלים, הניבים, הפתגמים והיינו דאמרי אינשי שיש להם
מהלכים בשפתנו המדוברת, כולם מתורגמים בשפה עברית צחה ורעננה.

מאת אבק



פריס

# כ

כ — האות האחת עֶשרה בא״ב העברי והיהודי.
במספר ערכה עשרים = 20
כ׳ = איך. כ׳האָב = איך האָב
כאַאָס (chaos) — תֹּהוּ וָבֹהוּ, אִי־סְדָרִים, עִרְבּוּבְיָה, אַנְדְּרָלָמוּסְיָה
כאַאָטיש — שֶׁל תֹּהוּ, ־תֹּהוּ
כאַאָטישע וועלט — עוֹלַם הַתֹּהוּ
כאַבאַדניצע = חבּר׳ניצע — כֹּבַע שֶׁל עוֹר
כאַבאַר (ר. хабаръ) — שֹׁחַד, בֶּצַע, שַׁלְמוֹן, מַתְּנַת יָד
כאַבאַרניק — לוֹקֵחַ שֹׁחַד
כאַבאַרעווען — שָׁחֹד, שַׁחֵד, נָתֹן שֹׁחַד
כאַביַי — אִם לֹא, אֶלָּא, זוּלָתִי, בִּלְתִּי אִם, מִלְּבַד
כאָנע = חָגָא
כאַדאַטאַי (ר. ходатай) — שְׁתַּדְּלָן
כאַדאַטאַיסטווע — שְׁתַּדְּלָנוּת
כאַדאַטאַיסטווען — הִשְׁתַּדֵּל בְּעַד
כאָדאָראָם (ר. ходоромъ) — בִּתְנוּעָה
די שטוב געהט כאָדאָראָם — הַבַּיִת מִזְדַּעְזֵעַ, נוֹעַ יָנוּעַ
כאָוועז (ר. ховать) — גַּדֵּל, חַיֵּה
כאַזאַיסטווע (ר. хозяйство) — קִנְיְנֵי בַיִת, כְּלֵי בַיִת
כאַחד הריקים גיבען — חָרֵף, גַּדֵּף אֶת־ כְּאַחַד הָרֵיקִים, כְּאַחַד הַנְּבָלִים
כאָטש (פ. choć) — אַף עַל פִּי, אַף כִּי, אַף עַל גַּב, אִם כִּי, עִם כִּי, גַּם כִּי, גַּם אִם, לְכָל הַפָּחוֹת
כאָטש דו ביזט רייך — אַף כִּי עָשִׁיר אַתָּה
גיב מיר כאָטש וואָס עס איז — תֶּן לִי לְכָל הַפָּחוֹת מַשֶּׁהוּ

כאַ, כאַ, כאַ! = חַא, חַא, חַא! (צחוק)
כאָכאָל (ר. хохолъ) — בֶּן רוּסְיָה הַקְּטַנָּה, חוֹחוֹל
כאָלאָדעץ (ר. холодецъ) — קִפָּאוֹן, מָרָק נִקְפָּא
כאַלאַט (ר. халатъ) — גְּלִימָה, חָלָט, גְּנְדָּה
כאַלאַטניק — חַיָּט פָּשׁוּט, גַּס, מְטַלֵּא
כאַלופּע (ר. халупа) — בַּיִת גָּרוּעַ, בֵּית אִכָּר
כאַליאַסטרע (פ. chalastra) — כְּנוּפְיָה, חֶבְרָה, סִיעָה
כאָליווע (פ. cholewa) — בֵּית שׁוֹק
כאָליען = אויסכאָליען (ר. холить) — פַּנֵּק, טַפֵּחַ
כאָלערע (cholera) — חֳלִי־רַע
כאַם (cham) — חָם, בּוּר, גַּס
כאַמולע = כאַם (פ. gamuła)
כאָמעט (ר. хомутъ) — סִמְלוֹן, עֲנָק לְסוּס
כאַמערייזעל = חמור־עזעל
כאַנדראַ (ר. хандра) — עַצְבוּת, מָרָה שְׁחוֹרָה, רוּחַ רָעָה
כאַסלירע — חֲתוּנָה (בלשון בזיון)
כאַפּ — חֲטִיפָה, חֲטָף
כאַפּ-לאַפּ (פ. chapaj łapaj) — חָטֹף וְחָמֹס
כאַפּונג — חִטּוּף, צַיִד
כאָפּטע — חֶבֶר, סִיעָה
כאַפּען (פ. chapać) — חָטֹף; צוּד; מַהֵר, אוּץ, פָּזֹז
דעם אָטעם — שָׁאֹף רוּחַ
עמיצען — הַשֵּׂג, תָּפֹס אֶת־
ס׳כאַפּט ניט די מאָס, די וואָג — חָסֵר מֵהַמִּדָּה, מֵהַמִּשְׁקָל
אַ גנב — תָּפֹס גַּנָּב

דער רוח זאָל איהם כאַפּען — יִקָּחֵהוּ אֹפֶל
דאָס דאַוונען — מַהֵר בִּתְפִלָּתוֹ
כאַפּען אין טאַטען אריין — קַבֵּל קִלְלַת „הָרוּחַ בְּאָבִיךָ"
דאָס עסען — מַהֵר בַּאֲכִילָתוֹ
כאַפּען קלעפּ — קַבֵּל מַכּוֹת, סָפֹג מַלְקוֹת
כאַפּען א עס, א טרונק — אָכֹל אֲכִילַת עֲרָאִי, שָׁתֹה שְׁתִיַּת עֲרָאִי
אַ דרימעל — יָשֹׁן שְׁנַת עֲרָאִי
א קוק — שִׂים עַיִן עַל-, הָצֵץ
פאר דער צייט — דָּחֹק הַשָּׁעָה
א לופט — הִצְטַנֵּן
לופט — שָׁאֹף רוּחַ
פיש — צוּד, דוּג, דַּיֵּג דָּגִים
ער האָט געכאַפּט א גוט אויג — שָׁלְטָה בוֹ עֵינָא בִישָׁא
כאַפּען צוריק — חָזֹר מִדְּבָרָיו, חָזֹר בּוֹ
מע כאַפּט די סחורה פון די הענט — הַרְבֵּה קוֹפְצִים עַל הַסְּחוֹרָה
כאַפּ ניט אזוי — אַל תְּמַהֵר כָּכָה
ניט געכאַפּט! — מָתוּן! לְאַט לְךָ!
כאַפּען די לאָקשען פאר די פיש — הַקְדֵּם נַעֲשֶׂה לְנִשְׁמַע
כאַפּען די זעט — שָׂבֹעַ, אָכֹל לְשָׂבְעָה
איך האָב דיך געכאַפּט! — הִגַּעְתִּיךָ! (חולין קל"ב רש"י)
ער איז געכאַפּט אויף דער מעשה — חָשׁוּד עַל הָעֲרָיוֹת, חָשׁוּד עַל אוֹתוֹ מַעֲשֶׂה, חָשׁוּד בְּמִינוּת
וואָס מע כאַפּט ניט דאָס האָט מען ניט — חֲטֹף וֶאֱכוֹל, חֲטֹף וּשְׁתֵה, חֲטוֹף וְהָיָה לָךְ
זיך — מַהֵר, אוּץ
„ צו עפּעס — רוּץ לְ- (הֱוֵי רָץ לְמִצְוָה קַלָּה)
(שם) — חֲטִיפָה, דִּיגָה, צִידָה

כאַפּעניש — חֲטִיפָה, חִפָּזוֹן, אִיצָה; פְּזִיזָה
פון כאַפּעניש קומט קיין גוטס ניט אַרויס — מֵחִפָּזוֹן לֹא יֵצֵא טוֹב

כאַפּער — חוֹטֵף; לוֹכֵד, תּוֹפֵשׂ; צַיָּד, דַּיָּג; פָּזִיז, פּוֹחֵז, נִמְהָר, אָץ

כאַפּעריי — חֲטִיפָה, חִפָּזוֹן, אִיצָה, פְּזִיזוּת

כאַפּ־שטייגעל — מָצוֹד, מְצוּדָה, מַלְכֹּדֶת

כאָר (chor) — מַקְהֵלָה

כאָראָבע (פּ. choroba) — מַחֲלָה
כאָראָבען — חָלֹה
כאַראַקטער (charakter) — אֹפִי, טִיב, טֶבַע, תְּכוּנָה
אַ גוטער — בַּעַל מֶזֶג טוֹב
שלעכטער — סוּרוֹ רָע, מִזְגוֹ, טִבְעוֹ רָע
כאַראַקטעריזירען — צַיֵּן טֶבַע, אֹפִי שֶׁל-
כאַראַקטעריסטיק — צִיּוּן טֶבַע, אֹפִי שֶׁל-
כאַראַקטעריסטיש — אָפְיִי, אָפְיָנִי, טִפּוּסִי
כאָרט (ר. хортая собака) — כֶּלֶב צַיִד, כֶּלֶב מָהִיר; אָדָם כָּחוּשׁ
כאַרטש (ר. харчъ) — מָזוֹן, צֵידָה
כאַרטשעווניע — בֵּית אֹכֶל
כאָריסט — מְשׁוֹרֵר בְּמַקְהֵלָה
כאָריסטקע — מְשׁוֹרֶרֶת בְּמַקְהֵלָה
כאָרכלען — גַּרְגֵּר, נָשֹׁם בְּנַחֲרָה
כאָרכעל (שם) — נַחֲרָה
כאָר־שול — בֵּית כְּנֶסֶת עִם מַקְהֵלָה; ב"כ רֵיפוֹרְמַתִי
כבד־פה = שטאַמלער
כבוד = עהרע
אָפּגיבען כבוד — חָלֹק כָּבוֹד לְ-, נָהֹג כָּבוֹד בְּ-
לעגען כבוד — כַּבֵּד אֶת-, חוּס עַל כְּבוֹד-, נָשֹׂא פְּנֵי-
ער היט זיין כבוד — הוּא חָס עַל כְּבוֹדוֹ, זָהִיר בִּכְבוֹדוֹ
מיט'ן גרעסטען כבוד — בַּכָּבוֹד הַגָּדוֹל
מיט אַלע כבוד'ען — בְּכָבוֹד וּבְהָדָר!
אָנרירען דעם כבוד — נָגֹעַ, פָּגֹעַ בִּכְבוֹד-
ער מיט זיין כבוד אַליין — הוּא בִּכְבוֹדוֹ וּבְעַצְמוֹ
איך בּיט איבער אייער כבוד — בִּמְחִילָה מִכְּבוֹדְךָ
כבוד = עהרע צייכען
מכבד זיין מיט א כבוד — חָלֹק כִּבּוּד לְ-
גיבען כבוד — הַגֵּשׁ מַטְעַמֵּי כִּבּוּד
כבוד־אָב = פאָטער־עהרע
כבוד־אם — מוטער-עהרע
כדאי = ווערט
ס'איז כדאַי צו זעהן — רָאוּי, כְּדַאי הוּא לִרְאוֹת
ס'איז ניט כדאַי — אֵינוֹ כְּדַאי, אֵינוֹ רָאוּי
כדומה למשל — צום ביישפּיעל



כדור — קוגעל, ערד־קוגעל
כדי = אום — בִּכְדֵי, לְמַעַן
כדי חיונה אדער כדי חַיינו — מְעַט, רַק לְהַחֲזִיק נֶפֶשׁ
ער פאַרדינט נאָר כדי חיונה — הוּא מַרְוִיחַ רַק לְהַחֲזִיק נַפְשׁוֹ, רַק כְּדֵי חַיָּיו
כדרך הטבע = ווי דער שטייגער, נאַטירליך
כהאַי לישנא = מיט די ווערטער, נעמליך — בָּזֶה הַלָּשׁוֹן
כהוא זה — אָדער — כִּי הוּא זֶה — מַשֶּׁהוּ
אפילו ניט כהוא זה — אַף מַשֶּׁהוּ לֹא
כהן = פּריסטער
אויפרופען כהן — קָרֹא אֶת- לַתּוֹרָה רִאשׁוֹן
כהנים דוכענען — בִּרְכַּת כֹּהֲנִים
כהרף עין — אויגענבליקליך — מאָמענטאַל
כוואַט (ר. хвать) — זָרִיז, חָרוּץ, מָהִיר, אִישׁ חַיִל
כוואַליע (ג. Welle) — גַּל, מִשְׁבָּר, נַחְשׁוֹל
כוואָראָבע = כאָראָבע
כוואָראָסט (ר. хворость) — זְרָדִים
כוואָרען = כאָראָבען
כוטער (ר. хуторъ) — פַּרְוָר, חוּטָר (תרגום גדרות צאן — חוּטְרֵי דְעָנָא)
כוך — רוּחַ, נְשִׁימָה
ניט קיין כוך און ניט קיין דוך — אֵין אַף נִיצוֹץ שֶׁל אֵשׁ
כוכען (ר. хухать) — נָשֹׁב, נָשֹׁם
כוליגאַן (אַנ. Hooligan) — נָבָל פָּרוּעַ, חוּלִיגַן
כולל זיין — כָּלֹל
כונה = מיין
כיוון = כונה
מיט אַ כיוון — בְּכַוָּנָה, בְּמֵזִיד, בִּצְדִיָּה
כוס = גלאָז, בעכער
אליהו'ס כוס — כּוֹסוֹ שֶׁל אֵלִיָּהוּ
כוס של ברכה — כּוֹס שֶׁל בִּרְכַּת הַמָּזוֹן
כוס'ע = כוס
מאַכען אַ כוס'ע — שָׁתֹה כּוֹס, שָׁכֹר
ער איז אונטער אַ כוס'ע — הוּא שָׁתוּי
כופר בעקר = גאָט־לייקענער

כורעים — פאַלען כורעים — כָּרֹעַ
כורעים ומשתחוים זיין — כָּרֹעַ וְהִשְׁתַּחֲוֵה לְ-
כזית = איילבערט־גרויס
כח = קראַפט
איך האָב קיין כח ניט — חָלָשׁ אָנֹכִי, חֲסַר־כֹּחַ אָנִי
זיך אָנטון א כח — אָזֹר כֹּחַ, הִתְאַמֵּץ כֹּחַ
ס'איז ניט פאר מיין כח — אֵינוֹ לְפִי כֹחִי
זיך אָננעהמען מיט כח — אָזֹר חַיִל, כֹּחַ
מיט אלע כחות — בְּכָל מַאֲמַצֵּי כֹחַ
גיב כח — הִתְאַזֵּר כֹּחַ, עֹז, אַמֵּץ כֹּחַ
איך בין בכח, איך האָב בכח — יֵשׁ לְאֵל יָדִי
איך בין ניט בכח — אֵין לְאֵל יָדִי
צולעגען כח — עָמֹל, עָבֹד בְּכֹחַ
טון איבערן כח — עָשֹׂה, עָבֹד יוֹתֵר מִכְּפִי כֹחוֹ
ער איז געבליבען אָהן כח — אָפַס כֹּחוֹ, נִשְׁאַר בְּאֵין אוֹנִים
אָנווערען די כחות — אַבֵּד כֹּחוֹ
מיט וואָס פאר א כח טוסטו דאָס? — מִי נָתַן לְךָ הַכֹּחַ לַעֲשׂוֹת זֹאת?
שרייען מיט אלע כחות — צָעֹק בְּכָל כֹּחוֹ
מכח דעם וואָס דו זאָגסט — עַל אֹדוֹת זֶה שֶׁאַתָּה אוֹמֵר...
איך האָב אריינגעלעגט אין דרינען כח און מח — הַדָּבָר עָלָה לִי בְּכֹחַ וּבְמֹחַ
כח זוכט מען אין שיסעל — דֹּק בְּכַכֵּי וְתִשְׁכַּח בְּגַגְרֵי
כח הדם = כח הדמיון
כח הדמיון = פאָרשטעלונגס־קראפט
כח המושך = צוציהונגס-קראפט
כח הרשאָה = פולמאכט
כחוט השערה = אויף א האָר, ווי א האָר
כחול הים = ווי די זאמד פון ים
כַּיאור = כָּאוֹר — עִם אוֹר הַיּוֹם, כְּאוֹר הַבֹּקֶר
כיבוד = כבוד
כי הוא זה — מַשֶּׁהוּ
כיד המלך = קייזערליך
כיטראָסט (ר. хитрость) — עָרְמָה, עַרְמִימוּת, תַּחְבּוּלָה
כיטראַק — עָרוּם
כיטרע — עָרוּם; בְּעָרְמָה

כיטרעקייט = כיטראָסט

כיכען (ר. хихикать) — צָחֹק, גַּחֵךְ

כימיע = כעמיע

כימיק (ר. химикъ) — חֲכַם הַחִימִיָּה, חִימִיקָן, חִימָאִי

כימיש — שֶׁל כִימִיָּה

כימענעקורע = כינסקע הון — דִּמְיוֹן כּוֹזֵב, הֶבֶל

כינע (לאנד) — אֶרֶץ סִין

כינין = כינע (chinin) — כִּינִין

כינעזיש — סִינִי; שְׂפַת סִין, סִינִית

כינסקע הון — תַּרְנְגֹלֶת סִין

כיק — חִתּוּךְ בְּצַוָּאר (הקוי הקול)

כיקען — חָתֹךְ הַצַּוָּאר

כיראָמאַנטיע (chiromancie) — חָכְמַת הַיָּד

כירורג (chirurg) — מְנַתֵּחַ, כִּירוּרְג

כירורגיע — מְלֶאכֶת הַנִּתּוּחַ

כישוף = צויבער — כִּשּׁוּף, כְּשָׁפִים, קֶסֶם, קְסָמִים, נַחַשׁ

כישוף־מאַכער — מְכַשֵּׁף, קוֹסֵם

כיתה = כִּתָּה, כַּת

כך הוה = אַזוי טאַקע געווען

כלאַחר יד = פון דער האַנט

כלא ידע = גלייך ווי ער ווייסט ניט

ער מאַכט זיך כלא ידע — עוֹשֶׂה עַצְמוֹ כְּאִלּוּ אֵינוֹ יוֹדֵעַ

כלאַם (ר. хламъ) — כֵּלִים יְשָׁנִים

כלאָפּ (פ. chłop) — גַּס, בַּעַר, מְגֻשָּׁם

כלאָפּאָט (ר. хлопоты) — טֹרַח, טִרְדָּה, טִפּוּל, יְגִיעָה

כלאָפּאָטשען — יָגֹעַ, הִשְׁתַּדֵּל, הִתְחַבֵּט

כלאָפּסקי — כַּפְרִי, גַּס

כלאָראָפאָרם (chloroform) — כְּלוֹרוֹפוֹרְם (סַם מְיַשֵּׁן)

כלאָראָפאָרמירען — יַשֵּׁן בִּכְלוֹרוֹפוֹרְם

כלב = הונט

א כלב שבכלבים — הונטעשער הונט

אַ נואף, לכל הכלבים — נוֹאֵף אֶת הָעֵץ וְאֶת הָאֶבֶן

כל בו = כָּל דָּבָר רָע

אין איהם איז כל בו — כָּל דָּבָר רָע בּוֹ

אַ סדור „כָּל בּוֹ" — סדור שכל התפלות נמצאות בו

כל־בו׳ניק = כָּל בּוֹ

כל בו׳ניצע — אִשָּׁה שֶׁכָּל דָּבָר רַע בָּהּ

כלב׳טע — כַּלְבָּה, אִשָּׁה שְׁפֵלָה

כלה = ברויט

כלה־מויד — נַעֲרָה בּוֹגֶרֶת, שֶׁמְּדַבְּרִים בָּהּ נִכְבָּדוֹת

כלה ווייס — בִּכְלוּלוֹתֶיהָ, עֵת כְּלוּלוֹתֶיהָ

אויס כלה ווייטער אַ מויד — הוּפְרוּ הַתְּנָאִים וְחָזְרָה לִבְתוּלֶיהָ

כלה מתנות — סִבְלוֹנוֹת

כלומר׳שט = פונקט ווי — בודטאַבי — כְּאִלּוּ, כִּבְיָכֹל

כלומפערשט = כלומר׳שט

כל זמן = אזוי לאנג ווי

כל־טוב = אלדאָס גוטס

כֵּלִי = כְּלִי

ער איז א כלי — הוּא מֻשְׁלָם, יֶלֶד שַׁעֲשׁוּעִים

אַרויס געהן פון די כלים — יָצֹא מִגִּדְרוֹ

ער האָט אַ גוטע כלי — לוֹ קוֹל טוֹב (= קעהלע)

אַרבייטען אויף אַלע כלים — עָבֹד בְּכָל מַאֲמַצֵּי כֹחוֹ

מאַכען פאַר אַ כלי — עָשֹׂה אֶת־ לִכְלִי, לְאָדָם מוֹעִיל

כלי זַיִן = וואָפען

כליאָבען = כלעפּטשען (ר. хлебать)

כליאַנען — הִתְעַנֵּה, חָלֹשׁ

ס׳כליאַנעט מיר דאָס האַרץ — לִבִּי חָלָשׁ

כליאַסקען = פליאַסקען

כליוו (ר. хливъ) — מִכְלָה, רֶפֶת

כליושטש (רק. хлющъ) — נאַס ווי כליושטש — סָפוּג רְטִיבוּת

כלי־זמר = מוזיקאנט

כליסט, כליסטעק (פ. chłystek) — פִּרְחָח

כליפּ — יְבָבָה

גיבען א כליפּ — יַבֵּב

כליפּען (ר. хлипать) — יַבֵּב, גָּנֹחַ

כליפּעריי — יְבָבָה, גְּנִיחָה



כלי־קדש = גייסטליכע

כל־ימיו = אַלע זיינע יאָהרען

כלי־שלמה = מֻשְׁלָם

כלל = רעגעל, אלגעמיין

זאָלסט האָבען א כלל — כְּלָל זֶה יִהְיֶה בְיָדְךָ, נְקוֹט כְּלָל זֶה בְיָדְךָ

זיך ארויסנעהמען פונ׳ם כלל — הוֹצֵא עַצְמוֹ מִן הַכְּלָל

כלל ניט — לְגַמְרֵי לֹא

כלל וכלל — לְגַמְרֵי, לַחֲלוּטִין

הכלל — בְּקִצּוּר = א כלל!

דער כלל פון דער זאך איז — כְּלָלוֹ שֶׁל דָּבָר, כְּלָלָא דְמִלְּתָא

ארבייטן פאר׳ן כלל — עָבֹד לְטוֹבַת הַכְּלָל

אין כלל פון אלע אידען וועל איך אויך זיין — בִּכְלַל כָּל יִשְׂרָאֵל אֶהְיֶה גַּם אָנֹכִי

כלל פון דקדוק — כְּלָל, דִּין שֶׁל דִּקְדּוּק

כלל־זאַך — צֹרֶךְ צִבּוּר

כלל־ישראל — אידען אין אלגעמיין — כָּל עֲדַת יִשְׂרָאֵל

כל מאמינים שהוא = כָּל הַמִּינִים

כל מלכי מזרח ומערב — מלכים פון דער גאנצער וועלט

כל נדרי — שם תפלה שאומרים בליל יום כפורים שלוש פעמים

כ׳לעבען! — חֵי נַפְשִׁי, בְּחַיַּי

כל ערליי = כָּל מִינֵי־

כל ערליי צרות — כָּל יַד עָמָל

כל שכן = דעסטאָ מעהר, געווים

כמאַל — הַכָּאָה

כמאַלען — הַכֵּה, הַלְקֵה

כַּמָּה = וויפעל

כמה יאָהרען = שָׁנִים הַרְבֵּה

שוין פון כמה יאָהרען — זֶה כַּמָּה שָׁנִים

כמאַרנע — מְעֻנָּן

כמאַרע (ר. хмара) — עָנָן, עָב, עֲרָפֶל, עֲנָנָה

א גרויסע כמארע א קליינער רעגען — נְשִׂיאִים וְרוּחַ וְגֶשֶׁם אָיִן

כמאַרען זיך — עָלֹה עֲנָנִים, הִתְקַדֵּר עָבִים

כמורנע (ר. хмурный) — מְעֻנָּן, עָצֵב, זוֹעֵף, נִזְעָם (פָּנִים זוֹעֲפִים, נִזְעָמִים)

כמלך בגדוד — ווי ביים טאטען אין וויינגאָרטען

כמלא נימא — ווערליג א האָר

כמעט = שיער

כנופיה = חֶבְרָה, סִיעָה

כניאָק — מְרֻשָּׁל, חָסִיד שׁוֹטֶה

כנפה, כנפות = עק — כַּנְפוֹת הַטַּלִּית

כסדר — נאָך אנאנד = תָּמִיד

א שעה כסדר — שָׁעָה רְצוּפָה

כסלו — שם החדש השלישי כשמונין מתשרי

כעמיע (chemie) — חִימִיָּה, כִּימִיָּה

כעמיקער = כימיק

כעמיש — שֶׁל חִימִיָּה, ־כִּימִיָּה

כעָני בפתח = דערשלאָגען, געפאלען

כעס = צאָרן, פארדרוס

ווערען אין כעס — כָּעֹס, חָרֹה אַף

אריינברייננען אין כעס — הַכְעֵס, הַעֲלֵה אַף

כעסן — נוֹחַ לִכְעוֹס, כַּעֲסָן, רַגְזָן

כעסנ׳טע — נוֹחָה לִכְעוֹס, כַּעֲסָנִית

כעסנ׳ען זיך — כָּעֹס

כף — שם האות האַחת עשרה בא״ב העברי והיהודי

קרומע כף — כָּף כְּפוּפָה

לאַנגע כף — כָּף פְּשׁוּטָה

כף הקלי = כַּף הַקֶּלַע = שליידער

כפול שמונה׳דיג = אין אַכטען, אַכטפאַכענדיג

כפי = ווערליג

כפל = דאָפּעל; מילטיפליקאַציאָן — כֶּפֶל

כפל כפלים = פיעל מאָל מעהר

כפל׳ען — כָּפֹל

כפרה = פאַרגיבונג, פאַרגיבונגס אָפּער

ס׳טויג אויף כפרות — לֹא יִצְלַח לַכֹּל

איך זאָל די כפרה ווערען פאַר איהם — הֲרֵינִי כַּפָּרָתוֹ

ער איז זיין כפרה — הוּא נוֹתֵן נַפְשׁוֹ בַּעֲדוֹ

אַ שעהנע ריינע כפרה — תֵּחָשֵׁב זֹאת לְכַפָּרָה יָפָה וּגְמוּרָה

כפרה ווערען — מוּת, אָבֹד

דער מענש זינדיגט און דער האָן איז די כפרה — טוֹבִיָּה חָטָא וְזִיגוּד מִינְגָּד

כפרה הינדעל — שָׂעִיר לַעֲזָאזֵל

שלאָגען כפרות — עָשֹׂה סֵדֶר כַּפָּרוֹת

שלאגען כפרות מיט עמיצען — עָזֹב, שַׁלֵּחַ מִפָּנָיו
אֶת־
כצאן בלי רועה = ווי שאָף אָהן א פאַסטוך
כקריעת ים סוף — ווי די וועלט הייבען
כראָמטשען = כראָמקען
כראָמקען (ר. хрумкать) — כַּרְסֵם, גָּרֵם, גָּרֹס
כראָנאָלאָגיע (ג. chronologie) — סֵדֶר הַזְּמַנִּים, כְּרוֹנוֹלוֹגִיָּה
כראָנאָלאָגיש — שֶׁל סֵדֶר הַזְּמַנִּים, ־כְּרוֹנוֹלוֹגִיָּה
כראנדע, דאַרע — רָזֶה, כָּחוּשׁ (פ. chory)
כראָניק (chronique) — דִּבְרֵי הַיָּמִים, כְּרוֹנִיקָה
כראָניש — מְמֻשָּׁךְ, מַאֲרִיךְ יָמִים, (מַחֲלָה)
כראָפּ — נַחֲרָה
כראָפּען (ר. хропать) — נָחֹר (בְּשֵׁנָה)
דאָס — נְחִירָה
כראַקען (ר. харкать) — כּוּחַ, כָּחֹחַ, כָּחֹה, חַכְחֵךְ, כַּחְכֵּךְ
מיט בלוט — יָרֹק דָּם
כרוקען (ר. хрюкать) — נָאֹק כַּחֲזִיר
כריין (ר. хрѣнъ) — חֲזֶרֶת, מָרוֹר, מַמְרוֹר, חַסָּה
אַ ווארעם אין כריין מיינט אַז קיין זיסערס
איז ניטאָ — חֵן מָקוֹם עַל יוֹשְׁבָיו
כריייניק — כְּלִי לַחֲזֶרֶת
כריפּען (ר. хрипѣть) — הֵעָשֵׂה צָרוּד, הִנָּחֵר הַגָּרוֹן
כריפּנעֶן = כריפּען
כרך — עִיר גְּדוֹלָה, כְּרָךְ (כְּרַכִּים)
כֶּרֶךְ = באַנד
כַּרְכַּשְׁתָּא = אונטערשטע קישקע, מאַסטדאַרם
כרעמזלאַך — חֲרָרוֹת
כרעסטאָמאַטיע (chrestomatie) — קֹבֶץ, מִבְחַר הַסִּפְרוּת, כְּרֵיסְטוֹמַתְיָה
כרפס = גרינס, פּעטערזיילע

כשוף = צויבעריי
כשוף מאַכער — מְכַשֵּׁף, אַמְגוּשָׁא
כשורה גען — עָלֹה יָפֶה, הָלֹךְ כְּשׁוּרָה
כשר = ערלויבט, טויגליך
אַ כשרה בהמה — בְּהֵמָה כְּשֵׁרָה, תָּם
אַ כשר׳ער טאָפּ מיט אַ כשר׳ער לעפעל — כָּשֵׁר מִכָּל צַד, בְּלִי שׁוּם מִכְשׁוֹל
אַ כשר׳ער איד — אִ״שׁ כָּשֵׁר, יָשָׁר
אַ כשרה מציאָה — מְצִיאָה כְּשֵׁרָה, וַדָּאִית
כשר פאַרדינען — הַרְוֵחַ בְּצֶדֶק
כשר׳ער האַלז — גָּרוֹן כָּשֵׁר, לֹא זוֹלֵל
א כשר׳ע קיך — מַאֲכָלִים כְּשֵׁרִים, מִטְבָּח כָּשֵׁר
דער גוי איז טריף אָבער דער גראָשען איז כשר
— פָּסוּל הַגּוֹי אֲבָל מְעוֹתָיו טְהוֹרִין, כְּשֵׁרִין
כשרות = כשר׳קייט
כשר׳ען — הַכְשֵׁר, הַגְעֵל
פלייש — הַכְשֵׁר בָּשָׂר
כלים — הַכְשֵׁר, הַגְעֵל כֵּלִים
אן אויווען — הַכְשֵׁר תַּנּוּר
כשר׳ים — מַאֲכָלִים כְּשֵׁרִים
כשרקייט = כַּשְׁרוּת
כשר־שטיין — אֶבֶן מַגְעֶלֶת
כתב = שריפט, האַנדשריפט — כְּתָב
כתב יד — מאַנוסקריפּט
כּתּה = גרופּע
כתובה — חתונה קאָנטראַקט — כְּתֻבָּה
אז מע שרייבט דעם ווייב א כתובה גיט מען
א גט דער תורה — רֵיחַיִם בְּצַוָּארוֹ וְיַעֲסוֹק בְּתוֹרָה?
תוספת כתובה — כְּתֻבַּת תּוֹסֶפֶת
כתיבה טובה — גוּט קוויטעל
כתיבה וחתימה טובה — גוּט געחתמ׳עט קוויטעל
כתיב׳עט — אוֹתִיּוֹת מְרֻבָּעוֹת
כתר = קרוין
כתר — שם קדושת מוסף

# ל

ל — האות השתים עשרה בא״ב העברי והיהודי במספר ערכה שלושים = 30
לא = ניט
אָכער גאָר „לא״ מיט אַן אַלף — לֹא וָלֹא, לֹא בְּאֶלֶף רַבָּתִי
לא אליכם = לא עליכם
לאַבאָראַטאָריע (laboratoire) — לַבּוֹרַטוֹרְיוֹן, עֲלִיל, מַעְבָּדָה
לאבוד = אין ניוועטש
ס׳געהט לאבוד — יוֹרֵד לְטִמְיוֹן
לאָבוז = לאָבוס
לאָבוס (פ. łobus) — רֵיק, פּוֹחֵז
לאַבן־ברויט (ג. Laben) — פַּת לֶחֶם גָּדוֹל, כִּכַּר לֶחֶם
לאַבירינט (labyrinth) — לַבִּירִינְט, נִבְכֵי חֲדָרִים, הֵיכַל טוֹעִין, מָבוֹךְ
לאָבעדראַניעץ (ר. сбодранецъ) — לָבוּשׁ קְרָעִים, פּוֹחֵחַ
לאָג (ג. Lage) — כֶּפֶל, שִׁכְבָה
לאָגאַריפם (logarythme) — לוֹגָרִיתְמָה
לאָגיק (logique) — חָכְמַת הַהִגָּיוֹן, הִגָּיוֹן
לאָגיקער — בַּעַל הִגָּיוֹן
לאָגיש — הֶגְיוֹנִי, לְפִי הַהִגָּיוֹן
לאַגע (ג. Lage) — מַצָּב, מַעֲמָד
לאָגעל (ג. Lägel) — נֹאד
לאַגער (ג. Lager) — מַחֲנֶה (מַחֲנוֹת)
פון סחורה — מַחְסָן, חֹסֶן; אוֹצָר, מְלַאי
לאַגער־סחורה — אֶבֶן שֶׁאֵין לָהּ הוֹפְכִין
לאַגערן (ג. lagern) — חָנֹה, שָׁכֹן
לאַגראַן = לאַגראַם (צ. le grand) — עֲנָק, נְפִיל
א לאַנגער לאַגראַן — עֲנָק, נְפִיל, רָם־קוֹמָה, תֹּרֶן, כְּפֵחַ

לאַד (ר. ладъ) — שָׁלוֹם, הַסְכָּמָה; סֵדֶר
מאכען א לאד צווישען — עָשֹׂה שָׁלוֹם בֵּין־, הַפְשֵׁר בֵּין־
אָהן לאד — בְּאֵין סֵדֶר
לאָדאָווניע (ר. ледовня) — מַרְתֵּף קֶרַח
לא־דבר — ניט־געשטעלטער מענש
לא־די = ניט גענוג
לאַדינאָ (ladino) — לָדִינוֹ, יְהוּדִית סְפָרַדִּית
לאַדיש (פ. gładycz) — סִיר־חֶרֶס, כְּלֵי־חֶרֶס
לאַדישקע = לאדיש
לאָדען (ג. laden) — טָעֹן, עָמֹס, הַעֲמֵס, שִׂים עַל־
עמיצען — הַזְמֵן, קָרֹא, תָּבֹעַ לְדִין, הִדּוֹן עִם־
זיך מיט — הִדּוֹן עִם־, הִשָּׁפֵט עִם־
לאָדען (ג. Laden) — תְּרִיס, דֶּלֶת־חַלּוֹן
לאַדען (ר. ладить) — הַשְׁלֵם עִם־, חָיֹה בְּשָׁלוֹם עִם־
איך קאָן מיט איהם ניט לאדען — אִי אֶפְשָׁר לְהִתְפַּשֵּׁר עִמּוֹ, לִחְיוֹת בְּשָׁלוֹם עִמּוֹ
לאַדען — חָנוּת
לאָדעניש — מִשְׁפָּט, רִיב, דִּין וּדְבָרִים
לאָדער (ר. лодарь) — רֵיק, הוֹלֵךְ בָּטֵל (קְטָל קַנְיָא)
לאָדקע (ר. лодка) — סִירָה, דוּגִית, אָרְבָּה
לאהובי בריוועל = מִכְתַּב יְדִידוּת
לאַו דוקא = ניט קיין מוז
לאַווירען (lavieren) — הִתְנַהֵג בְּתַחְבּוּלוֹת
לאַווערעווען = לאַווירען
לאַווע (Lava) — לַבָּה
לאָז — מְרוּצָה, רִיצָה
זיך טון, זיך גיבען א לאָז — הִתְפָּרֵץ, הִסְתָּעֵר
לאָז = זאָל
לאָז ער מיר גיבען — יִתֵּן לִי!

**לאָז** — אִי, חֲסַר־
שלאָפלאָז — נְדוּד שֵׁנָה
רוהלאָז — אִי־מְנוּחָה
לעבלאָז — חֲסַר־חַיִּים

**לאַזאַרעט** (lazaret) — בֵּית חוֹלִים, הֶקְדֵּשׁ

**לאָזונג** (Losung) — סִמָּן, סִסְמָה, אִמְרָה

**לאָזען** (ג. lassen) — נָתֹן לַעֲשׂוֹת, הַנֵּחַ, עָזֹב, שָׁבַק
צו דער אָדער — הַקֵּז דָּם
ירושה — עָזֹב יְרוּשָּׁה, הַנֵּחַ אַחֲרָיו
לאָז מיך צו רוה — הַנַּח לִי, הַרְפֵּה מִמֶּנִּי
לאָזען מאַכען — הַזְמֵן
לאָזען גריסען — פָּרֹס שָׁלוֹם לְ־, שָׁלֹחַ פְּרִיסַת שָׁלוֹם לְ־
די גיפט — הַטֵּל אֶרֶס, מָרָה
לאָזען פאַר 5 פראַנק — נָתֹן בְּעַד חֲמִשָּׁה פר.
לאָזען הערען — הַשְׁמֵעַ
לאָזען וויסען — הוֹדֵעַ
וואָס לאָזטו מיר הערען — מַאי קָמַשְׁמַע לָן?
לאָזען פאַלען — נָתֹן לִנְפּוֹל, עָזֹב אֶת־
ער לאָזט איהם ניט אויף די אויגען — לֹא יִתֵּן לוֹ לִרְאוֹת פָּנָיו
לאָזען לויפען — הַרְשֵׁה לְ־ לַעֲשׂוֹת כְּחֶפְצוֹ, לֹא הָנִיא אֶת־
לאָזט מיך אַליין — הַנִּיחוּ אוֹתִי לְבַדִּי
איך וועל דאָס ניט לאָזען — לֹא אַרְשֶׁה זֹאת
אַז גאָט וועט אונז לאָזען לעבען — אִם יִתֵּן לָנוּ ד׳ חַיִּים
וואו האָסטו געלאָזט דיין בוך? — אֵיפֹה הִנַּחְתָּ אֶת סִפְרְךָ?
זיך לאָזען — הַרְשֵׁה, נָתֹן לַעֲשׂוֹת לוֹ
ער לאָזט זיך שערען — הוּא נוֹתֵן לָגֹז עַצְמוֹ
ער לאָזט זיך קושען — הוּא מַרְשֶׁה לִנְשֹׁק לוֹ
זיך לאָזען קאָסטען — הוֹצֵא כֶּסֶף, פַּזֵּר כַּסְפּוֹ
זיך לאָזען הערען (א ריח) — נָדֹף
ער לאָזט זיך הערען — שִׁמְעוֹ הוֹלֵךְ
זיך לאָזען געהן — הָחֵל, קוּם לָלֶכֶת
זיך לאָזען אין וועג — יָצֹא לָלֶכֶת
זיך לאָזען וואוהין די אויגען טראָגען — נוּס אֶל אֲשֶׁר יִשָּׂאֵהוּ רוּחוֹ
זיך לאָזען אין דער וועלט אַריין — רוּץ אֶל קַצְוֵי אֶרֶץ
ער לאָזט זיך ניט נאַרען — לֹא יִתֵּן לְהוֹנוֹת אוֹתוֹ
זיך לאָזען בעטען — סָרֵב
גוטס לאָזט זיך הערען — לְדָבָר טוֹב אִיכָּא קָלָא
ס׳לאָזט זיך הערען — נִתָּן לְהִשָּׁמֵעַ, מִתְקַבֵּל עַל הַלֵּב

**לאַזשע** (ר. лажъ) — קִלְבּוֹן, שְׂכַר חִלּוּף

**לאָזשע** (loge) — לִשְׁכָּה; מָקוֹם (בְּתֵיאַטְרוֹן)

**לאחדים** = איינצעל־פאַרקויף

**לאחדים־ניק** — מוֹכֵר לַאֲחָדִים, קִמְעוֹנִי

**לאַחר יאוש** = אַוועקגעשטעלט מיט׳ן ווינעלע

**לאַחר מעשה** = נאָך אַלעמען

**לאָטאָ** (Lotto) — לוֹטוֹ (מין משחק)

**לאַטאָזשניק** — טַלָּאי, מְטַלֵּא (לאַטע
שוסטער — אֻשְׁכָּף
שניידער — אַשְׁפָּר

**לאַטוטניק** = לאַטאָזשניק

**לאַטיין** (latin) — רוֹמִית, שְׂפַת רוֹמָא

**לאַטייניש** — רוֹמִית, שְׂפַת רוֹמָא

**לאַטכען** = לַקְחָן — גַּנָּב, לַקְחָן

**לאַטכענען** = לקחנ׳ען — גָּנֹב

**לאַטע** (ר. лата) — טְלָאִי, מַטְלִית
לעגען א לאַטע — טְלֹא מַטְלִית עַל־
א לאַטע אויף א לאַטע — טְלָאִי עַל גַּבֵּי טְלָאִי
בעסער א מיאוסע לאַטע איידער א שעהנע לאָך — טוֹב טְלָאִי מְגֻנֶּה מִקֶּרַע יָפֶה

**לאַטע פון האָלץ** (ג. Latte) — קֶרֶשׁ דַּק, פַּס נֶסֶר, טִפְחָה

**לאַטען** — טְלֹא, טַלֵּא, תַּקֵּן בִּטְלָאִים

**לאָטעריי** (lotterie) — גּוֹרָל, הַגְרָלָה, לוֹטֶרְיָה

**לאַטקע** (ק. מן לאַטע) — טְלָאִי קָטָן

**לאַטקע** (שפייז) — סְפְגָּנִית

**לא יאוחר** = ניט שפּעטער

**לאָיאַל** (צ. loyal) — נֶאֱמָן, כַּחֹק

**לאָיאַליטעט** — נֶאֱמָנוּת, אֱמוּנָה, חֹק, מִשְׁפָּט, מֵישָׁרִים

**לא יחרץ געלט** — כֶּסֶף שְׁתִיקָה, שֹׁחַד לִשְׁתֹּק

**לא יִצלח** = טויגעניכטס

**לאָך** (ג. Loch) — חוֹר, חָלָל, נֶקֶב (לעבער
ס׳איז א לאָך אין קאַסע — חָלָל נַעֲשָׂה בָּאוֹצָר, הֶפְסֵד דְּמִנְכָּר
פאַרלייגען די לאָך — מַלֵּא הֶחָלָל



ס׳איז מיר געוואָרען א לאָך אין הארצען — לִבִּי חָלַל בְּקִרְבִּי
א לאָך מאכט א גנב — פִּרְצָה קוֹרְאָה לְגַנָּב, לַאו עַכְבְּרָא גַּנָּב אֶלָּא חוֹרָא גַּנָּב

**לאַך** — צְחוֹק, שְׂחוֹק, חוּכָה
גיבען אַ לאַך — נָתֹן בִּשְׂחוֹק קוֹלוֹ

**לאַכען** (ג. lachen) — צָחוֹק, שָׂחֹק, חַיֵּךְ
פון עמיצען — שָׂחֹק עַל־, לָעֹג לְ־, צָחֹק לְ־, חַיֵּךְ עַל־
מיט׳ן פולען מויל — מַלֵּא שְׂחוֹק פִּיו
ס׳איז צום לאַכען — מַצְחִיק, מְעוֹרֵר צְחוֹק
איך לאַך אויס דיר — בָּז אֲנִי לָךְ!
מיט יאַשטשערקעס — שָׂחֹק מִכְּאֵב לֵב
דער מענש טראַכט און גאָט לאַכט — רַבּוֹת מַחֲשָׁבוֹת בְּלֶב אִישׁ וַעֲצַת ד׳ הִיא תָקוּם
(שם) — צְחוֹק, שְׂחוֹק, חִיּוּךְ

**לאַכענדיג** — בִּשְׂחוֹק, מִתּוֹךְ צְחוֹק

**לאַכענדיגע זאַך** — מִלְּתָא דִבְדִיחוּתָא

**לאַכער** — שַׂחֲקָן, צַחֲקָן

**לאַם** (ג. Lamm) — כֶּבֶשׂ, טָלֶה, שֶׂה

**לאָם** (ר. ломъ) — מַפָּץ, קַנְטָר

**לאָם** (ג. lahm) — פִּסֵּחַ, חִגֵּר, צוֹלֵעַ, קִטֵּעַ, נֵכֶה, נְכֵה רַגְלַיִם
קרום און לאָם — חִגֵּר וּפִסֵּחַ; כֻּלּוֹ רָע

**לאָמבאַרד** (lombard) — בֵּית־מִלְוֶה, לוֹמְבַּרְד

**לאָמיך** = לאָם־איך — הָבָה, נָא, לוּ
לאָמיך נאָר זעהן — אֶרְאֶה נָא, לוּ רָאִיתִי!

**לאָמיר** = לאָם־מיר — הָבָה, נָא, לוּ
לאָמיר נאָר זעהן! — נִרְאֶה נָא, נֶחֱזֵי אֲנַן, הָבָה נִרְאֶה
לאָמיר געהן! — נֵלְכָה נָא! נָקוּמָה וְנֵלְכָה, לְכָה וְנֵלְכָה
לאָמיר וואַרפען גורל — לְכוּ וְנַפִּילָה גוֹרָלוֹת

**לאַמטערן** (צ. lanterne) — פַּנָּס, עֲשָׁשִׁית

**לא מעלה ולא מוריד** — ניט גוט ניט שלעכט, ניט זאָרג זיך ניט פרעה זיך

**לאָמפּ** (lampe) — מְנוֹרָה, צָפִית, עֲשָׁשִׁית, לַמְפַּדָּס, נִבְרֶשֶׁת
רעד צום לאָמפּ — דַּבֵּר אֶל הָעֵצִים

**לאַמפּאַדע** (lampade) — נֵר תָּמִיד, לַמְפַּדָּס

**לאַמפּאַדנע בוימעל** — שֶׁמֶן לַמְפַּדִּי

**לאַמפּאַס** (lampasse) — פַּס־מִכְנָסַיִם

**לאַנג** (ג. lang) — אָרֹךְ, אָרוּךְ
ווערען — הֵעָשֵׂה אָרֹךְ
זיין — אָרֹךְ
מאכען — עָשֹׂה אָרֹךְ, הַאֲרֵךְ
שוין א לאַנגע צייט — זֶה זְמַן רַב, זֶה יָמִים רַבִּים
ביזט שוין לאַנג דאָ? — הַכְּבָר אַתָּה פֹּה?
פון לאַנג אָן — מִזְּמַן רַב, מֵאָז, מִיָּמִים רַבִּים
אזוי לאַנג ווי — כָּל זְמַן שֶׁ־
אין דער לענג און אין דער ברייט — לְאָרְכּוֹ וּלְרָחְבּוֹ
ערשט ניט לאַנג — זֶה מִקָּרוֹב
לאַנגע יאָהרען — יָמִים רַבִּים
אויף לאַנגע יאָהרען — לְאֹרֶךְ יָמִים
לאַנגע יאָהרען זאָלסטו האָבען — יָמִים רַבִּים תִּחְיֶה
ס׳האָט ניט לאַנג געדויערט — לֹא עָבְרוּ יָמִים מוּעָטִים
לאַנג לעבען זאָלסטו — חַיִּים אֲרֻכִּים תִּחְיֶה, יַאֲרִיכוּ יָמֶיךָ
אָט דאָ ניט לאַנג — אַךְ זֶה, זֶה מִקָּרוֹב, זֶה לֹא כְּבָר
יאָהרען לאַנג — מֶשֶׁךְ כַּמָּה שָׁנִים
מיין לעבענס לאַנג — כָּל יְמֵי חַיַּי
ס׳וועט ניט געדויערן לאַנג — לֹא יֶאֱרַךְ, לֹא יִמָּשֵׁךְ
ווי לאַנג ער איז — מְלֹא קוֹמָתוֹ, מְלֹא אָרְכּוֹ
ביז ווי לאַנג — עַד מָתַי?
לאַנגע „נון״, לאַנגע „פה״ — נוּן פְּשׁוּטָה, פֵּה פְּשׁוּטָה

**לאַנגאָנענדיג** — קָדוּם, קַדְמוֹנִי, יָשָׁן, עַתִּיק

**לאַנגווייליג** (ג. langweilig) — מְשָׁעֵם, מְשַׁעֲמֵם

**לאַנגווײַלע** — שְׁעָמָה, שִׁעֲמוּם

**לאַנגווײַלען** — שַׁעֲמֵם, שָׁעֵם
זיך — הִשְׁתָּעֵם, הִשְׁתַּעֲמֵם

**לאַנגזאַם** (ג. langsam) — מָתוּן, לְאַט, אַט

**לאַנגזאַמקייט** — מְתִינוּת, אִטִּיּוּת

**לאַנדאָ** (landau) — מֶרְכָּבֶת לַנְדּוֹ

**לאַנד** (ג. Land) — אֶרֶץ, מְדִינָה אֲדָמָה, קַרְקַע
דאָס הייליגע לאַנד — אֶרֶץ הַקֹּדֶשׁ, אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל

